# יעקב פרידמאַן

# נפילים

דראמאטישע פאעמע

פאַרלאַג
י. ל. פּרץ
ישׂראל

1963

JACOB FRIDMAN

NEFILIM

I. L. Peretz Publishing House

31 Allenby Str., Tel-Aviv

י. פרידמאַן / נפילים

פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תל־אביב, רחוב אלנבי 31



נדפס בישראל

Printed in Israel

1963 — תשכ״ג

הדפוס הכללי בע״מ, רחוב השוק 26, תל־אביב

# פערזאָנען

נפיל

יורד

זהרה

כהן גדול

מלך ראַזש

פריסטערס

חכמים

שטערן־זעערס

בוי־מייסטערס

קארליקעס

דינסטן

מענטשן פון פאָלק

אַ הויקערל

קריגסלייט

הויפלייט

שררים

נעפל־געשטאַלטן

ליכט־געשטאַלטן

## ערשט בילד

(אַ לאָנקע אין מיטן וואַלד, פון צווישן געצווייג אין בערג ריזלט אַ קוואַל. זהרה און אירע דינסטן קומען אָן)

**ערשטע דינסט:**

זע, זהרה, די מלכה פון טאָג, אין אַ וואָלקן-שיף
שווימט צום ים, די שעה פון רו אין בלומען-בעכערס טריפט
ווי ווייַן שמאַראַגדענער, אין געבלעטער די פייגל
פאַרלייגן די סאַמעט-פליגל צום שלאָף,
ס'איז צייט, היל אָפּ דייַן לייב און נידער צום קוואַל זיך טובלען.

**צווייטע דינסט:** (טוט אויס זהרהן)

אַהאַ, ווי ווונדערלעך, אין זונפאַרגאַנג די גלידער
דייַנע שטראַלן, אפילו די אָדלערס, אין מיטן פלי,
שטוינען אויף דער שיינקייט דייַנער, אַ פּראַכטיקע!

**דריטע דינסט:** (זיצט און שפּילט אויף אַ האַרפע, צופוסנס זהרהן, וועלכע ווערט געזאַלבט מיט בוימל)

גלין-גלאַן, גלין-גלאַן!
און אַזוי פלעגט זינגען
דער עלטסטער זינגער

פון הייליקן זינגער־שטאַם:
גלין־גלאַן, גלין־גלאַן!
נעכט, אַזוינע נעכט פאַראַן,
ווען אין שמערן־געשפּאַן
רייטן די זין פון גאָט דזשין־דזשאַן.
און זיי בייגן די קעפּ מיט די פלאַמיקע בערד,
צו בערג און טאָלן פון נאַכטישער ערד.
גלין־גלאַן, גלין־גלאַן!
און דערבליקן זיי אַ יונגפרוי אין איר פּראַכט,
נידערן זיי, אויף וואָלקן־פערד, צו דער מלכה פון נאַכט.
גלין־גלאַן, גלין־גלאַן!
און ס'באַהעפטן זיך זין פון גאָט דזשין־דזשאַן,
מיט טעכטער פון ערד, ביים ברעג פון ים!
גלין־גלאַן, גלין־גלאַן!
אַזוי פלעגט זינגען
דער עלטסטער זינגער
פון הייליקן זינגער־שטאַם!

**זהרה:**

ווי אַ פּורפּור חלום פון אַ קראַנק־פאַרבענקטן זינגער
שמעקט דאָס ליד,
און שיין איז עס ווי אַ שוואַנען־לייב, וואָס שווימט אין זונפאַרגאַנג
שטאַרבן. (לאָזט זיך גיין לונאַטיש)
אהאַ, ווער זינגט אין טיף פון נאַכט?
דער קוואַל אין האַרץ פון באַרג?
צי ציטערן די פליגל פון געטער־זין
וואָס נידערן צו דער ערד פון הימל?

**דינסטן:** (באַגלייטן זי מיט האַרפעס און געזאַנג)
אַזוי פלעגט ער זינגען,
דער עלטסטער זינגער
פונעם הייליקן, הייליקן זינגער־שטאַם:
דזשירי־דזשירי־דזשירי דזשאַן...

(פאַרשוווּנדן צווישן ווילדן געצווייג, די זון פאַרגייט, דאָס געזאַנג דערווייטערט זיך, לעשט זיך אויס. עס פאַלט צו די נאַכט, פון וואַלד־געדיכט באַווייזט זיך נפיל. זיינע פיס האפּסלען ניט זיכערע אין פאַרפלאָנטערניש, זיינע אויגן גרויסע, קינדעריש־דערשראָקענע קוקן פאַרחידושטע...)

**נפיל:**

די זון פאַרגייט... איז דאָס די נאַכט אויף ערד אָ, האַר!
אַזויפיל פחד איבער גראָז און בוים און בלאַט.
אין געבערג — די וואָלקן, אין אָפּגרונט — דאָס געוואַסער,
דורכן חשחיש וואָגלען נע ונד.
אַזויפיל שרעק אין וואַלד־געדיכט, שרעק פון צמחים און פון ברואים.
דערבאַרעם זיך האַר און פאָטער, נעם אַהיים מיך פון דער פרעמדער ערד.

**קול:**

האָסט ערד באַגערט,
האָב איך גנאָד געשאָנקען צו דיין רצון און דערהערט אים:
באַשערטקייט פון שרפים־פליגל אויף פרייקייט ווילדער
פון פיס און הענט און אברים דיר פאַרביטן: גיי
און זיי דיין האַר אין פלאָנטערניש פון טועכצער און נסיונות.

גיי און טראָג דעם גורל פון בן־אדם, האָסט אויסגעקליבן אים —
גיי און טראָג!

**נפיל:**

פאַרגיב מיר פאָטער, האַר, פאַרגיב דיין זון אַ טעות:
קער אום צוריק די פליגלען מיר, וואָס זענען געוואָרן פיס און
הענט און אברים.
נאָך איינמאָל שענק דעם זכות זיי — ווידער ווערן פליגל...

**קול:**

זכות אַזאַ, מיין זון, איז איינמאָל איינציק:
זכות צו ענדערן די טבע פון באַשאַף.
כ'האָב די פליגלען דיינע די שרפישע,
לויט דיין אייגן רצון, אויף הענט און פיס און אברים דיר פאַרביטן.
דעם זכות צו ווערן פליגל צום צווייטן מאָל, איך זאָג זיי אָפּ.
גיי מיין זון און טראָג דעם גורל פון בן־אדם
מיט אחריות אויף דער ערד.

**נפיל:**

איך וועל פרווון טראָגן אים, מיין האַר און פאָטער...
(איבערן וואַלד שווימט אַרויס די לבנה. יורד באַווייזט זיך פון צווישן
צווייג־געפלאָנטער)

**יורד:**

זע, דאָס אָוונטליכט שווימט פון וואַלד־געדיכט.
די ברואים אויף דער ערד וועקן אויף זיך פונעם פחד.

**נפיל:**

אַ לויב צום האַר און פאָטער פאַר ליכטקייט און חסד.

יורד:

ביסט אין וואַלד־געפלעכט פאַרקראָכן, כ'האָב פאַרלוירן דיך פון אויג,

נאָר דיין קול געהערט איך האָב מיט עמעצן דאָ רעדן.

נפיל:

מיין קול געהערט, און די שטים וואָס האָט געענטפערט,

ניט פאַרנומען האָט דיין אויער?

יורד:

כ'האָב מאַלענעס אין וואַלד געקליבן, מיט די נאָז־לעכער מיינע

זיי אין פינצטערניש דערניוכעט און אין ווילדן תענוג פון פאַרצוקן.

זענען די רייד די ווייטע זיך צערונען.

נפיל:

די נאַכט די ערשטע אונדזערע אויף דער ערד דאָ,

און דו ביסט היימיש שוין, אַ תושב.

יורד: (אָטעמט תאווהדיק)

אהאַ, דו פילסט די וואַלדיק־פעטע ג'רוכן.

גופיק, פירותדיק און זיס.

פילסט פון טיפע מאָכן

שמעקן חוהס פיס?

פון וואַלד־געפלעכט גייט אויף דער דופט פון אירע צעפּ,

אין רונדקייט פון געצווייג דער אָטעם פון אירע ברוסטן.

די גאַנצע ערד מיט צמחים און מיט קנאָספּן,

איז אַ כלה־לייב אין חופּה־בעט...

נפיל: (פאַרחלומט)

אין דער היים איז צייט איצט פון געבעט.

דורך די בלויקייטן פליען ברידער־שרפים

צום טאַטנס מרכבה זינגענדיקערהייט.
די מרכבה־ליכט.
די שרפים־ליכט.
די פליגל־ליכט.
די פידל־ליכט.
ליכט... ליכט... אָן סופיק ליכט...
און דאַ אַזאַ חשכות, טאַטע...

**יורד:**

די ערשטע נאַכט עדשט אויף דער ערד און שוין חרטה...

**נפיל:**

שרעק אַזאַ אין מיר פאַר ערד, פאַר שטיין און בוים,
אַ שרעק אַזאַ ביים אָנריר פונעם חומר.
וואָס איז חומר? — שטיקער סוף און צוים,
און די צייט גייט אום ווי חשבונדיקער שומר,
ציילט און מעסט, יעדן שפאַן — אַ גבול.

**יורד:**

אָנריר מיט גבול שרייט צו דיר! ביסט דאַ!
צייט — פורעמט אוים דיין איכעדיקע צורה.
ניט פאַראַן קיין איכן אין אין סופידיקן בלאָ,
ניט דאָ קיין איכן אין אינסופידיקער שירה.
און איך... גוט איז מיר צו זיין אַ קרישע ליכט.
אַ קרישקעלע אַבי איכיק.
אַ זערנעלע ליד נאָר איך.
אדמדיק און גופיק.

**נפיל:**

אַזאַ אומהיימלעכקייט צו זיין אַן „איך"

**יורד:**

אומהיימלעך ?.. אפשר, נאָר סע גארט מיין האַרץ
נאָך מענטשלעכן גערשאַנגל.
סאַראַ תענוג אין ציטער פון די קני צוקאַפּנס אַ תהום.
אַ סטאַדע וועלף לויערט אַנטקעגן דיר פון דזשונגל,
פון פעלדז־בערג אַ פלייצנדיקער שטראָם.
און דו, דו דאַרפסט אַנטקעגן אַלעמען זיין אַ גרייטער,
איינער קעגן אַלע, איינער קעגן אַלץ.
יעדע רגע איז אַ שטאַפּל אויף אַ ברענענדיקער לייטער,
און דו קלעטערסט גרוים און פריי און שטאָלץ...

**נפיל:**

וווהין ?..

**יורד:**

שפּיל... שפּיל צוליב שפּיל...

**נפיל:**

אַזאַ שרעק איז מיר פאַר הפקרות פון שפּיל.

**יורד:**

און טאַטע־גאָט, ער אַליין איז ניט דער גרויסער שפּילער ?
וואָס איז וועלט־באַשאַף דען אַנדערש ווי, צוליב שפּיל, אָפּגעגדרטע
מחשבה ?
צו וואָס האָט ער אין סופיקן שבת אַרויסגעצויגן פון מרכבה,
און צעפּיצלט אים אויף גופימלעך פון וואָך ?
צו וואָס דערנאָך דעם באַשאַף אַנגעקליידט אין האַרטן דין און יאָך?
ניט צוליב שפּיל ?.. שפּיל און גערשאַנגל אדמס מיט יאָך,
צוליב וואָס דאַרף טאַטע־גאָט אדמס גערשאַנגל אויב ניט צוליב
שפּיל ?

**נפיל:**

אָ, זע, דאָס אָוונט ליכט פאַרלעשט זיך ווידער... אָ, טאַטע, פאָטער, איך האָב מורא...

**יורד:**

סאַראַ ווילדע פרייד אין שפּיל מיט דער סכנה.
זע, כמאַרע־וועלף פרעסן די דערשראָקענע לבנה...
(לאַכט ווילד, עס הייבט אָן דונערן און בליצן)

**יורד:**

דאָס שפּיל ווערט פאַרביק־שאַליק, סאַראַ וווּנדערלעכער טאַנץ,
געפלאָכטן פון דונער, בליץ און רעגן.
(מיידלעך קומען צוריק פון קוואַל)
זע, אדמס טעכטער! לאָמיר טאַנצן זיי אַנטקעגן!

**נפיל:** (פאַרגאַפט)

וואָרהאַפטיק, דאָס זענען זיי, אָ, האַר און פאָטער,
אין פלייש אין מיינעם וואָס אַלט איז איין טאָג,
נעמט ריזלען פרייד... אָ, אַ לויב אָ האַר, פאַר גנאָד און חסד,
אַ דאַנק פאַר זכות איינצוזויגן אין זיך אַזויפיל פראַכט.

**זהרה:** (צו די דינסטן)

זעט, אָ, דינסטן מיינע, זעט אין וואַלד־געדיכט, סאַראַ אויסטער־לישע אדמס!

**יורד:** (פאַרנייגט זיך)

פריד צו דיר, פראַכטיקסטע פון טעכטער, פריד צו שיינקייט דיינער וואָס רעגנט מיט אַלע חנען פון צייטיקייט. די ביימער ציטערן אין טאַנץ
און נייגן זייערע קרוינען־קעפּ מיט לויב צו דיינע גלידער

וואָס לייכטן אונטער די שלייערן פון רעגן.
באַוויליק מיינע אויגן איינצוזויגן אָט דיין פּראַכט.

זהרה:

ווער זענען די פרעמדע מענטשן אין מיטן וואַלד ביינאַכט?

יורד:

וואַנדערער, אַ האַרנטע, פון קאַנטן ווייטע וואָס שפּרייטן זיך פון יענער זייט געבערג,
וואַנדערער זענען מיר וואָס שפּאַנען דורך דער וועלט זייער גליק צו זוכן...

נפיל:

פרעמדע זענען מיר אויף דער ערד, אַ שוועסטער, זאָגן וויל איך —
פרעמדע אויף דער פרעמדער ערד.

יורד:

זיי מוחל שוועסטער... עס טאַנצט די צונג ביים ברודער מיינעם שיכור.
שיכור פונעם ווײַן וואָס שטראָמט פון דער שיינקייט דיינער.
ער וויל זאָגן עפּעס... נאָר עס פּלאָנטערן זיך די רייד אויף זיינע לעפּצן.

נפיל:

ניט געוווינט איך בין צו רעדן די שפּראַך פון אדמס, איך מיין צו זאָגן.

יורד:

שווייג שוין בעסער... וועסט אויסשלאָפן זיך פון שיכרות וועסטו רעדן.

זהרה:

זענען אַקערער צי פּאַסטעכער די פרעמדע מענטשן?

**יורד:**

זענען, זענען מיר ווערטל-מאַכערס,
חוצי וויינערס, חוצי לאַכערס,
און מיין פלויערדיקער פלויער
ווײנט פון פרייד און לאַכט פון טרויער,
און זינגט דאָס ליד פון ווילדן ווײן אין ענגע טרויבן איינגעפּרעסט.

**ערשטע דינסט:**

עס דאַרף זיין לוסטיק מיט די פרעמדע געסט...

**יורד:**

און אַז מען דאַרף, קען מען כישוף טאָן, אַז מען דאַרף —
ווערן אויך אַ טענצער. (נעמט זהרהן פאַר די הענט)
קום שוועסטער, איך וועל לערנען דיך אַ טאַנץ אַזאַ, צאַרטער פון די
וואָלקנס אין לבנה-שיין,
זיסער פון די רויזן-קעפּ וואָס טוליען זיך אין אָוונטליכט.

**זהרה:** (שיכור)

טאַנץ... טאַנץ מיט מיר... אַ פרעמדער טענצער...

**נפיל:** (צו די דינסטן)

עס גיסט אַ גיסעניש אויף אונדזערע קעפּ די נאַקעטע.
אַ שוועסטער גוטענקע, ווו קען מען זיך באַהאַלטן פאַר דער נאַס-
קייט?

**דינסטן:** (לאַכן)

ווי אַ קליינער יינגל פאַר דער מוטער זיינער קלאָגט ער זיך.
קום מיר וועלן באַשיצן דיך פון רעגן.

(דינסטן און נפיל אָפּ)

**יורד:** (טאַנצנדיק מיט זהרהן)

אַ האַרנטע, באַהאַלט מיך פאַרן רעגן

אין גאָרטן פון דיינע האָר.
היל איין מיך אין די וואָלקנס פון דיינע בריסטן,
לאָז מיך אויסגיין פון תענוג ביי די לענדן דיינע.
(פאַרשווינדט מיט איר אין וואַלד-געדיכטעניש)
(די סצענע דרייט זיך איבער: דער טעמפּל פאַר דער געטין פון פרוכטבאַרקייט. פריסטערס טאַנצן מיט פאַקלען אַרום געטש פון דער גאָטכעטע)

**כהן גדול:**

די הימלען-געוועלבן — דיינע לענדן.
שטערן צייטיקן אין דיין טראַכט.
דיינע וואָלקן-ברוסטן פול מיט רעגן,
טריפן אין דער ברכהדיקער נאַכט.
אָ, האַרנטע פון פרוכטבאַרקייט און גלוסטן,
אויף בליצן רייטסטו ווי אויף פייערדיקע פערד.
זיי גנאָדיק, שענק די זעט פון דיינע ברוסטן
צו אונדזער אויסגעדאָרשטער ערד.

**ערשטער פריסטער:**

זע, עס ליגט די ערד, אַ כלה אין נאַכט פון חופּה.
עפּן פאַרן חתן ווייליק אויף איר טראַכט.
שענק די גבורה פון דיין דונער צו די לענדן זיינע
און צו זיין זאַמען — דיין מלכותדיקע פּראַכט.
אויפן פעלד אין רעגן,
צווישן טייכן ביי די ברעגן,
אין די וועלדער צווישן צווייגן
טאַנצט אַ נאַקעטע די האַרנטע,

זינגט אַ נאַקעטע די האַרנטע.
קומט טאַנצן איר אַנטקעגן!

(פאָלק טאַנצט אַרויס פון טעמפּל מיט די פאַקלען אין די אויסגע־שטרעקטע הענט. עס בלייבן נאָר די פּריסטערס)

**כהן גדול:**

די שעה, איך פיל, דערנענטערט זיך צו מוטער־נאַכט.
אין געבענטשטע פינצטערניש ליגט די ערד אַ דאָרשטיקע
ביי די ציצן קוואַליקע דער האַרנטעס.
און אויף די לעפצן פון גראָז און בלאַט טריפט איר רעגן־מילך.
די שעה, איך פיל, דערנענטערט זיך, זייט גרייט, אַ ברידער פּריסטער.

**פּריסטערס:**

מיר זענען גרייט, אַ כהן גדול!

**כהן גדול:**

דאָס פאָלק טאַנצט אַנטקעגן דער האַרנטע דעם טאַנץ פון יובל.
ביים ווילדן שטראָם אויף שפּיץ פון באַרג צינדן יונגען פייערן מיט אַנזאָג:

עס דערנענטערט זיך דער סוף פון יובל.
אַ לויב דער האַרנטע, ס׳האָבן די בערד אונדזערע דערלעבט צו
דער ווייסקייט שטראַליקער פון חכמה.
און מיט די יינגסטע פונעם פאָלק וועלן מיר אַנטקעגן גיין דעם
נייעם מלך.

**ערשטער פּריסטער:**

זיין געשטאַלט די פּראַכטיקע פאַרהוילן נאָך אין סוד,
זיין מלכותדיקע צורה ניט אַנטפּלעקט נאָך אונדזער אויג איז.

**צווייטער פּריסטער:**

נאָר ס׳וועט די האַרנטע צווישן טויזנטער אַרויסהייבן אים, געבן
אים דערקענען צו אונדזערע אויפגעמאַכטע אויגן.

**כּהן גדול:** (מאַכט אויף אַ ספר און נעמט אַרויסלייענען)

און אַזוי זאָגט די האַרנטע: אין יעדן יובל, אַ נייעם מלך
קלויבט אייך אויס, שטעלט אים איבער אייך, אַן איש מלחמה
וועט ער זיין
און צו דער שווערד צו זיינער אַלע פיינט אייערע וועל איך
איבערענטפערן.

(מישט ווייטער, לייענט)

אין דער נאַכט פון יובל, אין אַ נאַכט ווען צווישן בליץ און דונער,
וועל איך נידערן מיט מיין רעגן צו דער ערד דער דאַרשטיקער,
זאָל דער כהן גדול מיט די פּריסטער זיינע אַרויס צום וואַלד
און דעם ערשטן מאַן
וואָס איך וועל אַרויסשיקן אַנטקעגן זיי — פאַר אַ מלך זאָלט איר
קלויבן.
דעם ערשטן מאַן וואָס איר וועט באַגעגענען אין וואַלד אין רעגן.

(הייבט אויף דעם קאָפּ מיט פאַרמאַכטע אויגן צו די הויכן)

די שעה, איך פיל דערנענטערט זיך... אַלע צייכנס טייטלען:
קומט ס׳איז צייט.
אַהאַ, איר פּריסטערס, די פּורפּור געוואַנטן טוט אָן, אין די
הייליקע קריגן בוימל
אויף צו זאַלבן נעמט מיט אייך... קומט און זאָל די האַרנטע בענטשן
אונדזער טראָט אויף אייביק.

(זיי לאָזן זיך גיין פּויקענדיק מיט די פינגער אין גרויסע קופּערנע
גאָנגען. די סצענע דרייט זיך איבער: די לאָנקע אין מיטן וואַלד.

דאָס פאָלק, מיט פאַקלען אין די הענט, טאַנצט אין רעגן. פּריסטערס קומען אָן)

שטימען פון פאָלק:

די פּריסטערס דער האַרנטעס דערנענטערן זיך צום פאָלק, אין
פּורפּור געוואַנדן, מיט הייליקע קריגן בוימל אויף צו זאַלבן,
ווייל די אויסגעשטרעקטע הענט, ווייל צו די אויגן וואָס זענען
זוכה עס צו זען!

אַ לויב דער האַרנטע פון אייביק ביז אייביק!

(פּריסטערס פאַרשווינדן אין וואַלד-געדיכטעניש)

פאָלק: (מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום וואַלדגעדיכט)
אַנטפּלעק! אַנטפּלעק אַ האַרנטע!
דעם געזאַלבט-געקרוינטן!
אַנטפּלעק, אַנטפּלעק דעם מלך אין זיין פּראַכט!

(פּריסטערס קומען צוריק פון דער רעכטער זייט וואַלד. זיי פירן נפילן אַ געהילטן אין קעניגלעכן פּורפּור-מאַנטל. אויף זיין קאָפּ לייכט אַ קרוין)

ערשטער פּריסטער:

דער מלך!!!

אַלע פּריסטערס:

פאָלק דער האַרנטעס, דערקען דיין מלך!

פאָלק: (אין ווילדן עקסטאַז)

מלך אונדזערער! געקרוינטער אונדזערער! געזאַלבטער
אונדזערער!

(יורד באַווייזט זיך פון וואַלדגעדיכט לינקס. בלייבט שטיין אַ פּאָר-גאַפּטער)

**נפיל:**

יורד!!!

**יורד:**

נפיל, ברודער... געזאַלבט... געקרוינטער?..

**נפיל:**

וואָס וויל דער טאַטע־האַר מיט מיר?.. וואָס מיינט ער?..

(פּריסטערס הייבן אים אויף)

**יורד:** (צו זיך)

צום צווייטן מאָל אַ רגע פון אויג פאַרלוירן אים...

דאָס ערשטע מאָל קלויבן מאַלענעס אין וואַלד, דאָס צווייטע —

קלויבן ליבשאַפּט אין שוים פון דער ערדן־טאָכטער.

אַ רגע... און זע... נפיל ברודער מיינער, געזאַלבט, געקרוינטער...

**נפיל:** (געטראָגן פון די פּריסטערס איבערן קאָפּ פונעם פאָלק)

וואָס וויל טאַטע־האַר פון מיר? וואָס מיינט ער?

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

## צווייט בילד

(אַ ווינקל פון אַ גרויסן מאַרק. יורד שטייט אויף אַ שטייניקן פּאָדיום און פּראַווועט קונצן פאַר די דורכגייענדיקע מיידלעך)

יורד: (ציט טויבן פון מויל)

פליט יונגינקע, ווייסינקע, פּוכיקע,
אייער פליען סגולה איז פאַר ציצן־מיידלישע,
ווייסע, רונדיקע צו ווערן — אַ פריידן־שפּיל
פאַר פינגער חתנישע... זעט, איר יונגפרויען.

(ציט פיילן פונעם מויל)

ווי די פיילן אין זונען־ליכט אין פּורפּורנעם
שטראַלן וועט די פּראַכטיקייט פון די לענדן אייערע,
די שטאָלצע קריגער פון שבט קניען וועלן שאַלענדיק
פאַר אייער פּראַכט מיט ליבע־לידער.

(מיידלעך קויפן ביי אים טויבן און פיילן און באַצאָלן מיט פרוכטן וואָס זיי נעמען פון די קאָשיקעס. פלוצים דערהערט זיך פאַנפאַרן־געשאַל)

שטימען פון דער ווייט:

דער מלך רייט, דער מלך רייט!
דער גרויסער מלך נפיל!

(עס דערהערט זיך דער יובל־געשריי פון פאָלק... מיידלעך לאָזן זיך לויפנדיק זען דעם מלך)

**יורד:** (אליין)

נפיל, ברודער מיינער... גאָט־געזאַלבט־געקרוינטער...
און איך? — האַהאַ, שפּאַסן־מאַכער, הזק־לץ, סטענגע־ציער,
פּליטן־פּלייטער, שפּיזן־שלינגער, גראַמען־פלעכטער,
כישוף־מאַכער, עין הרע שפּרעכער, דיכן־רעדער,
זאַלץ־ און פּעפער־מישער ...אַהאַ, וועלט, אַ בראַנד אין דיינע ריפּן!
דעם ווייַן פון שאַנד דאַרף יורד ביזן דנאָ אויסזיפּן?

(גלייכט זיך אויס)

נאָר ס׳איז יורד ניט פון די, וואָס ווי די אייזלען זייער מאַסע,
געהאָרכזאַם זייער גורל טראָגן... וואָרהאַפּטיק ווי אַ טיגער, אַ בראַנדיק ווילדער.

אין באַהעלטעניש לויערט יורד און אין די קנעכל זיינע
צייטיקט שוין דער שפּרונג דער מאַכטיקער. און די ציינער זיינע
טאַנצן תאַווהדיקע, גרייטע צו פאַרצוקן... אַהאַ, היט אייך האָזן!!!

(זהרה קומט אָן)

**יורד:**

אַהאַ, ציטער האַרף און פידל, לאַכט איר סטרונעס, יובלט פלייטן!
די פּראַכטיקסטע פון ערדן־טעכטער דורך די מאַרקן שפּאַנט. די זון ווערט טונקל
אין ליכט פון אירע צעפּ די שוואַרצע. דער בויג פון אירע לענדן פלינקער
איז פון קוואַל אין די הויכע בערג אַראָפּ.

(בוקט זיך פאַר איר)

פריד דיר, זהרה, טאָכטער פון כהן גדול.

זהרה:

דיין פלויער, יורד, הערט ניט אויף צו יובלען
און די אויגן דיינע ברענען ווי אַ ליבע־ליד פון פורפור...

יורד:

די שיינקייט דיינע זהרה, מאַכט קראַנק מיין האַרץ... און מער נאָך ווי דיין שיינקייט
די ערשטע ביסט געווען, וואָס אַנטפּלעקט דעם סוד מיר האָט פון כלה־לענדן, די ערשטע
וואָס האָט די פלעכטן אירע אויף מיין ברוסט דער דאַרשטיקער אַראָפּגערעגנט...
דיינע קנעכלען מיט לבנה־שיין אין ראָסע האָבן געקילט מיין שטערן.
און די בריסטן דיינע — די ערשטע כלה־עפּל פאַר מיין הונגעריקן גומען.
צוליב דיין לייב, אין גראָז, איז נפילם טראָט געווען דער ערשטער
וואָס באַגעגנט די כהנים האָט אין וואַלד אין דער נאַכט דער האַרנטעס.
צוליב דיר האָב איך די קרוין פאַרשפּילט... נאָר עס טוט ניט באַנג מיר!

(שטרעקט אוים די אָרעמס, וויל זי אַרומנעמען)

זהרה:

אין מיטן מאַרק?.. אין טאָג אין העלן?.. יורד! דעם כהן גדולס טאָכטער שטייט פאַר דיר.

יורד:

דעם כהן גדולס טאָכטער... וואָרהאַפטיק... אַ יונגפרוי דו דערהויבענע.

אונ איך... ווער בין איך דען?.. יורד הזק־לעץ און גראַמען־מאַכער,
שפּיזן־שלינגער, דיכן־רעדער, זאַלץ־און פּעפּער־מישער.
(נעמט מאַכן לצישע שטיק)
זאָל דעם כהן גדולס טאָכטער מוחל זיין דעם לץ.
זהרה:
פאַרוואָס אַזויפיל שפּאָט, יורד?..
יורד:
ס׳איז מיין האַנטווערק און מיין וואָפן.
(פלוצים דערהערט זיך פאַנפאַרן געשאַל. דעם מלכּס רייטער רייטן
אַריין אין מאַרק אַריין)
ערשטער רייטער:
און אַזוי איז דער געבאָט פון מלכּס שררים
צו די טעכטער פון שבט: אַלע בתולות שוין געשטאַלטישע
און מיט חן געבענטשטע,
אין מלך נפילס פּאַלאַץ זאָלן טאָן פאַרזאַמלען זיך
און סע וועלן נפילס חכמים און שטערן־זעער
די שענסטע פון די טעכטער טאָן קלויבן פאַר אַ מלכּה,
צו זיצן לעבן מלכּס שטול און זים צו מאַכן דאָס געלעגער פון געזאַלבטן.
הערט און פאַרנעמט איר טעכטער פון מלכּס שררים דאָס געבאָט!
(רייטן אָפּ שאַלנדיק. כהן גדול אין באַגלייטונג פון אַ פּריסטער
קומט אָן)
כהן גדול:
ווייל אַזוי, ווייל געפעליק אונדזער האַרנטע
דער געביטערין פון פרוכטבאַרקייט... וואָרהאַפטיק,
דעם מלכּס בעט גרייטן דאַרף זיך פאַר אַ מלכּה־כלה.

אין אירע לענדן, דער געקרוינטער וועט פאַרזייען זיין געבענטשטן זאָמען
און ווי אַ טייטלבוים געבענטשט מיט פירות, וועט איר פּראַכט צעצוויטען
און קריגסלייט מעכטיקע פאַרן שבט וועט זי אונדז געבוירן...
(דערזעט זהרהן)
אָ טאָכטער מיינע, אין מיטן מאַרק אַליין אָן דינסטן? דעם כהן גדולס טאָכטער?

**זהרה:**

זאָל דער פאָטער ניט צערענען די דינסטן מיינע.
ס'איז יום־טוב היינט, דער מלך נפיל קלויבט אַ מלכה זיך, זענען אויך די דינסטן
מיינע אַוועק זיך זאַלבן.

**כהן גדול:**

הערט נאָר הערט, הערט און לאַכט:
די דינסטן אַוועק זיך זאַלבן און דעם כהן גדולס טאָכטער
גייט אַ וואָכעדיקע אַרום אין מאַרק...

**פּריסטער:**

דיין טאָכטער אָן זאַלבונג איז במילא
שוין געזאַלבט.
ווי אַ רויזן קוסט אין זונען גאָלד,
לייכט זי מיט איר שיינקייט דער אייגענער. כי כי כהן גדול.

**כהן גדול:**

טפו, טפו, קיין בייז אויג...
אוי שדים, רוחות, פאַרקלעפּט די אויגן זיך מיט פּעך.
טפו, טפו, קיין בייז אויג ניט...

(מילד צו דער טאָכטער)
גיי מיין טאָכטער, גיי אַהיים
און זאַלב דיך. מיין פאָטער־האַרץ יובלט אין געהיים:
דו וועסט די מלכה ווערן, אַ לויב דער האַרנטע!
(זהרה אָפּ)
**פריסטער:**
ס'האָט אונדזער שבט נאָך אַ מלכה אַזאַ ניט געהאַט
ווי זיין וועט די טאָכטער פון כהן גדול.
(ביידע אָפּ)
**יורד:** (אַליין)
לאָך יורד, קוועל יורד, טאַנץ דעם טאַנץ פון שמחה!
ס'האָט ברודער נפיל דיין קרוין גערויבט דיר, איצט רויבט ער אויך דיין כלה.
לאָך יורד לעקיש, לויב דעם בורא פאַר זיין יושר.
(הויבט די פויסט צום הימל)
אַהאַ, טאַטע־גאָט! וואָס דו וועסט מיט דיין האַנט ניט געבן,
וועט יורד אַליין זיך נעמען.
וואַרפסט די פרוכט פון בוים ניט צו די פיס צו מיינע —
אַהאַ, איך וועל אַליין די פרוכט מיר רייסן... ברענגסט דעם קוואַל ניט צו מיין הויז,
איך וועל דעם קוואַל אַליין מיר גראָבן.
ווילסט זיך שפּילן גאָט? וויל, איך וועל זיך שפּילן!
(נעמט מאַכן לצישע שטיק, וואַרפט די פיילן, צינדט אָן סטענגעס)
כישוף־פיילן, פייער־סטענגעס, ברענענדיקע ווינען —
ווער סע שמירט מיט זיי דאָס לייב
ווערט געבענטשט מיט כלה־חנען...

קויפט, יונגפרויען, קויפט!
(מיידלעך קומען צו לויפן, רינגלען אים אַרום)
ערשט מיידל:
איך צאָל מיט זילבער, צאָל מיט גאָלד —
כישוף, כישוף, מאַך מיך האָלד
אין די אויגן פונעם קיניג.
צווייטע:
מאַך זיין האַרץ מיר אונטערטעניק,
די שענסטע פּערל מיינע זענען דיין...
דריטע:
גים די אויגן מיינע אָן מיט חן,
און מיט רייץ די ברוסטן מיינע —
אַלע דימענטן וואָס איך פאַרמאָג — ווערן דיינע.
יורד:
נעמט די טויבן און די פיילן און די סטענגעס און די קרעלן.
ווער עס באַנוצט זיך מיט זיי,
דעם מלך מוז געפעלן.
מיידלעך:
וואָס זשע טוט מען מיט די זאַכן?
ווי אַזוי זשע טוט מען כישוף מאַכן?
יורד:
דיסל, דאַסל, דאַסע.
די לענדן וואַשט מיט ראָסע.
די בריסטן זאַלבט מיט דערנער
מעלקט דעם ציג־באָק די הערנער
און זיין מילך אין אַ רויז,

מיט שטערן־גאָלד, מישט אוים.
און ווערט פאַרטיק דאָס געטראַנק,
גיסט אַריין אויך דאָס געזאַנג
פון אַ פויגל וואָס איז קראַנק
פון אַ ליבע טרויעריק באַנג...
איז עס פאַרטיק דאָס געטראַנק —
טרינקט אויף איין מאָל אַלע.
און יעדע מויד וועט ווערן,
דעם מלכס גלאַוונע כלה...

(נעמט זיי צוואַרפן די כישוף־פיילן, טויבן און סטענגעס)

נעמט מיידלעך, נעמט! היינט צעשענקט יורד אומזיסט זיין האָב און גוטס.

היידא, נעמט די שאַלעמויניסן און לאָזט יורדן איצט רוען.
בלייבן וויל יורד איצט מיט זיך אַליין...
יורד חזק־לץ און גראַמען־מאַכער
וויל אַ קאַפּל וויינען... פאַראַן אַ צייט ווען לצים וויינען...

(צעלאַכט זיך ווילד. זיין געלעכטער מישט זיך אוים מיטן פאַנפאַרן געשאַל. מלכס רייטער קומען אָן צו רייטן. מיידלעך פאַרשווינדן)

**ערשטער רייטער:**

ווער איז דאָ דער כישוף־מאַכער יורד, אָט דער
וואָס חזק־גראַמען פלעכט?

**יורד:**

דאָס בין איך עס יורד, איך אַליין, וואָס דאַרפן מיך דעם מלכס
קנעכט?

רייטער:

אַ באַפעל צו דיר פון מלך נפיל: אין זיין פּאַלאַץ רופט ער דיך
דער געקרוינטער, געזאַלבטער.
עס דאַרף דער מלך מיט דיר רעדן יורד!

יורד:

אויב דער מלך דאַרף צו יורדן דעם לץ, וואַרט יורד שטענדיק
אין מיטן מאַרק דאָ, פאַר יעדן גרייט, פאַר האַר און דינסט
און אויך פאַר מלך.

רייטער:

ס׳האָט דער מלך באַפוילן אונדז דיר אַזוי צו זאָגן:
אויב יורד ניט באַוויליקן וועט אין מלכס פּאַלאַץ קומען, זאָגט אים:
ס׳איז קראַנק דער מלך און קען צו יורדן ניט גיין.

יורד:

הם... אויב קראַנק דער מלך, וועט יורד אין אָנגעזיכט פון קראַנקע, שוואַכע,
אויף אַ רגע פּרווון אויך שוואַך צו ווערן...
(גלייכט זיך אויס)
אוי איר פליַיטן, פליַיטלט פריילעך,
יורד לץ רייט צום מלך!

(ער שפּרינגט אַרויף אויף אַ פערד. סצענע טראָגט זיך איבער אין מלכס גערטנער. אויף אַ שטול פון לאָרבערן זיצט נפיל און גאַפט אַ פאַרחלומטער אויפן טייך וואָס כוואַליעט זיך אים צופוסנס. פון צווישן געצווייג זעען זיך דעם מלכס דינסטן וואָס שפּילן אויף האַרפעס)

**נפיל:**

אַזויפיל הכנעהדיקע רו אין כוואַליענדיקן גאַנג,
אַזויפיל צוטרוי אין יעדער מינדסטער כוואַליע.
יעדע וועל — אַ שיפעלע געזאַנג,
און איבער אַלע — די צעשטערנטע פמליה.
אָ, האַר, פאַרוואָס נאָר דער מענטש טראָגן דאַרף דעם גאַנצן עול,
נאָר ער אַליין מיט אומרו און פול מיט ספקות?
ער אַליין די וואָג דאַרף זיין פאַר גוטס און שלעכטס,
די גאַנצע וועלט אחריות — נאָר אויף זיינע פּלייצעס?
וואָרהאַפטיק, האַר, מיין האַרץ כליפּעט אונטער לאַסט,
לאַסט פון קרוין און לאַסט פון ריכטער.
איך בין אַלץ נאָך אויף דער ערד אַ פרעמדער גאַסט,
אַ גאַסט פאַרשטעלט מיט הונדערט געזיכטער.
צווישן געזיכטער הונדערטער, ווער בין איך, ווער?
אָ, האַר, אַנטפּלעק מיך אין מיין געשטאַלט דער וואָרער.
מיין האַרץ כליפּעט, האַר, צו דיר, מיין געבעט דערהער:
מיין לעבן מאַך פשוטער, אמתדיקער, קלאָרער.

**דינער:** (טרעט אויף)

...געזאַלבט-געקרוינטער! ביי די טויערן פון דיין פּאַלאַץ וואַרט דער פערזן-שמידער יורד! באַפעל, אַ האַר, און איך וועל אים ברענגען פאַר דיין אָנגעזיכט.

(דינער אָפּ).

**נפיל:**

אַ דאַנק דיר האַר. אַ רגע און איך וועל דעם ברודער מיינעם זען. וואָרהאַפטיק אין האַרץ אין מיינעם יובלט פרייד. פרייד און אויכעט פחד...

וויאַזוי וועל איך קענען אַנטקעגן יורדן שטיין דאָ מיט מיין קרוין?
אָ, שטאַרק מיך, האַר, איך זאָל קאָנען שוואַך זיין ווען מ׳דאַרף...
(ער גייט אַנטקעגן מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס יורדן וואָס שפּאַנט אַריין מיט אַ פאַררוסענעם קאָפּ)

**נפיל:**

אָ, יורד ברודער, מיט יובל טאַנצט מיין האַרץ אַנטקעגן דיר.
אָ, געבענטשט דיין קומען. (נעמט אים אַרום)
דריי מאָל איז די זון אויפגעגאַנגען און פאַרגאַנגען זינט יענער גורלדיקער נאַכט.
אַזויפיל גרויל געווען... אַזויפיל שטאָרעם, דונערן און בליץ.

**יורד:**

ס׳האָט דער גורל אונדז צעשיידט.
דיר אַ קרוין געשאָנקען און מיר אַ לצים-מיץ...
אַהאַ, זאָג צו וואָס האָט מלך נפיל גערופן צו זיך דעם לץ?
צי פעלט אַ לץ אין מלכס הויז?

**נפיל:**

אָ, יורד, ניט דער מלך האָט גערופן דיך, אַ ברודער געגאַרט האָט נאָך אַ ברודער.
און וואָלט איך געקאָנט — דער ערשטער צו דיר איך וואָלט געקומען.
צי קען דער מלך שטאָלץ זיין? צי קען אַ בערגל פלייש און ביינער גרויסן זיך? איך פרעג.

**יורד:**

ביסט אַלץ נאָך אַ פרעגנדיק פאַרגאַפטער און די ווערטער דיינע אַזעלכע שלאַבעריק-פאַרחלומטע...

און דער קיניגלעכער צעפּטער אין דיין האַנט העננט ווי אַ קאָפּ
פון אַ דרימלענדיקן שעפּס
ביסטו מלך, צי אַ יונגפרוי, וואָס כליפּעט אויף אַ האַרפע.
**נפיל:**
אַלץ אין מיר, ברודער מיינער, כליפּעט.
**יורד:**
קאָפּ אַ כליפּענדיקער פּאַסט נישט פאַר קיין קרוין!
**נפיל:**
איך האָב די קרוין דאָך ניט געזוכט, זי איז אַליין צו מיר געקומען...
איז וואָס זשע טוט מען מיט די זאַכן וואָס דער גורל באַפעלט דיר:
טראָג!
מען טראָגט זיי, ברודער...
**יורד:**
אַזאַ נעבעכדיקע שוואַכקייט שלאָגט פון דיינע רייד... גראָז אין
ווינט
איז מאַגישער פון דיר.
**נפיל:**
פאַרוואָס אַזויפיל האַס צו מיר אין דיינע ווערטער?
**יורד:**
וואָלט נפיל זיין שווערד פון שייד געצויגן, וואָלט יורד
מיט זיין שווערד געענטפערט אים.
נאָר נפיל ווי אַ קינד שטייט און שמייכלט שלאַבעריק,
יורד זידלט אים, און ער, — ער פינטלט מיט די אויגן זיינע פול מיט
הימל-בלויער גוטסקייט...
זאָג: צי קען מען מיט אַ קינד אַזאַ זיך ראַנגלען? ראַנגלען ווען
מען דאַרף.

נפיל:

ווער האָט, יורד ברודער, באַפוילן אונדז: ראַנגלען זיך מען דאַרף?

יורד:

דער וואָס האָט באַפוילן די שטראָמען אַרויסצופּלייצן פון די ברעגעס,
דעם שטורעם-ווינט וועלדער אַרויסצורייסן מיט די וואָרצלען, פעלדזן, בערג צו שליידערן אין אָפּגרונט.
דער וואָס יאָגט דעם לעאָפּאַרד צו שפּרינגען אויפן הירש
און די הירשעכע צו ראַנגלען אין זיין פיסק זיך...

נפיל:

און וואָלט די הירשעכע אין פיסק לעאָפּאַרדישן ניט געראַנגלט זיך,
וואָלט דעם לעאָפּאַרד נישט געשמעקט דער ביסן?

יורד:

איז פאַראַן דען תענוג פון נצחון אָן געפעכט?

נפיל:

יורד, ברודער, דערלויב מיר טרויעריק שמייכלען... איך ווייס ניט וויאַזוי צו ווערן קענגן דיר גערעכט:
וואָלסט די קרוין פון מיר פאַרלאַנגט, איך וואָלט זי דיר געגעבן,
דאָס לאַנד איבערגעגעבן אין דיינע הענט.
נאָר אויב...

יורד:

סע גאַרט מיין האַרץ ניט נאָך דער קרוין וואָס ווערט געשאָנקען
און ניט נאָך לאַנד וואָס ווערט געוווּנען אָן אַ שלאַכט...
(עס דערהערט זיך פון דער ווייט פּייקל און טאַצן-געקלאַנג און דאָס געזאַנג פון מיידלעך)

יורד:

האַהאַ, פּייקל און טאַצן־געקלאַנג, איך פאַרנעם, און געזאַנג פון מיידלעך צעכוואַליעט אין דער נאַכט.
האָרך, מיט געיובל די טויערן פון דיין פּאַלאַץ ווערן אויפגעמאַכט
און ווי טייכן פון די בערג קוועלן האָרדעס — יונגפרויען.
און ס'דאַרף דער מלך נאָר זיין האַנט אויסשטרעקן און נעמען די צוגעגרייטע כלה...
וואָרהאַפּטיק, פאַר נפילן אַלע פּירות פאַלן צייטיק פון די ביימער.
(עס טאַנצן אַריין קאַרליקעס מיט פּייקלען)

ערשטער קאַרליק:

קלינג — און קלאַנג,
און פריילעך,
טאַנצן קאַרליקעס
צום מלך,
מיט די צימבלען,
מיט די לירעס,
אָנצוזאָגן
זיסע בשורות.

צווייטער:

און אין פּירות,
וווינט דער טעם.
בייסט זשע איין די ציינער.
ביי דעם גאָרטן שלאָפט דער שומר.
טירי־טירי, טירי־טאַם.
אַז דעם גאָרטן היט ניט קיינער,
קריכט דער קאַרליק

מיט אַ זמר
איבער די שלאָפעדיקע ביימער,
און ער איז טועם פונעם טעם.

דריטער:
פריילעכע יונגען
זענען מיר.
גרויסע קעפּ
אויף קליינע גופים
טראָגן מיר.
און וואָס מיר זאָגן
זאָגן מיר,
אוי, אין דער זיבעטער ריפּ אַריין
טרעפן מיר.
וואָרעם קלינג — און — קלאַנג
און פריילעך,
מיר זענען קאַרליקעס ביים מלך
זוו מען פאַרזייעט אונדז ניט —
מיר וואַקסן.
מיטן ווינט דורכן פענצטער קריכן מיר.
אויף דעכער טאַנצן מיר מיט שלאַקסן.
היידל — דידל — דו...

פערטער:
סקאָצל קומט, מיר זענען דאָ.
מיט די צימבלען, מיט די ליִרעס,
אָנצוזאָגן זיסע בשורות:

אין דעם מלכס גערטנער,
צווישן קוואַלן,
טויזנט יונגפרויען,
טאַנצן, שאַלן,
אַלע זענען צייטיק, אַלע,
פאַר דעם מלך גרייטע אַלע.

**יורד:**

שטרעק אויס די האַנט, אָ מלך, און נעם די צוגעגרייטע כלה.

**נפיל:**

וואָרהאַפטיק, מיינע שטערן־זעערס געזען אין די מזלות האָבן, א רמז א ווונק,

אַז ס׳דאַרף דער מלך א מלכה־כלה קלויבן.
נאָר איך... וואָס ווייס איך, ברודער מיינער, יורד...
(אין זיך)
אָ, האַר, אַזויפיל שרעק אין מיר אין אָנגעזיכט פון נסיונות,
ביי יעדן טראָט אַזויפיל אומזיכערקייט, געוואַקל.
(פלוצעם)
אָ, יורד, ברודער מיינער יורד!

**יורד:**

וואָס פאַרלאַנגט דער מלך?

**נפיל:**

אויב סע קען, אָ יורד, דיין האַרץ א ווײַלע גנאָדיק זיין צו דיין ברודער נפיל,

טאָ בעט איך דיר, הער איין זיך אין זיין געבעט.

יורד:

וואָרהאַפטיק, פאַראַן אַ רגע אויך ווען יורדם האַרץ
גרייט איז צו דערהערן עמעצנס געבעט
בעט, אפשר איז די רגע פון דערהאָרכן.

נפיל:

צווישןביידן שטענדיק געווען ביסטו דער שטאַרקערער, אַ יורד,
אין פּלאָנטערנישן פון מעשים אַ פלינקער האָסט דעם וועג געפונען.
און חוץ דעם, עמעץ רעדט אין מיר: לאָז יורדן גיין און לייג דיין גורל

אין די הענט אין זיינע...
איך בעט דיך. יורד, זאָג ניט אָפּ מיר. גיי, ברודער, קלויב פאַר מיר די מלכה־כלה.

יורד:

(פאַרטראַכט זיך, נעמט אַרומלויפן. פלוצעם צעגיסט זיך אַ כיטרער שמייכל איבער זיין פנים. שטיל צו זיך)
וואָרהאַפטיק פון פאַרלאַנג פון נפילס, ווינקט צו מיר ווי אַ מאַלענע — פון מאָכן

אַ בעכערל הנאה...
(שנעלט זיגעריש מיט די פינגער)
האַהאַ, יורד לץ האָט אַ לצישע המצאה.
(צו נפילן)
ברודער, האָסט ווייך געמאַכט מיין האַרץ דאָס
פעלדזיק האַרטע.
די ווילדע שפּאַרבערס שלאָפן איין און עס טורטלען־אויף די טורטל־טויבן:
מלך, איך בין גרייט די מלכה דיר צו קלויבן.

**נפיל:**

אַ דאַנק דיר ברודער. איצט זעץ זיך אויף מיין שטול און די דינער מיינע
וועלן דורך דיין אויג געניטן די טעכטער-טשערעדעס לאָזן דורכציען,
און דו וועסט באַוויליקן און אויסדערוויילן די יונגפרוי צווישן זיי
וואָס פּאַסן וועט פאַר נפילם האַרץ.
(צו די קאַרליקעס)
גייט און ברענגט די יונגפרויען פאַר מיין שטול. מיין ברודער יורד
וועט פאַרן מלך די מלכה-כלה קלויבן...
זעץ זיך יורד. און איך... איך וועל אַ קאַפּל תפילה-טאָן. (אָפּ)

**יורד:**

אַהאַ, דו כיטרער שפּילן-פלעכטער גורל, האָסט דערלאַנגט מיר אַ וווּנדערלעך געוועב,
יורד לץ וועט וויסן שוין פון איר זיין נעץ צו שטריקן
אַז ווערן זאָל דאָס שפּיל האַרב און שיין.

**דינער:** (טרעט אויף)

די יונגפרויען וואַרטן ביים גאָרטן גרייטע —
באַפעל און זיי וועלן קומען פאַר דיין אויג צו גיין.

**יורד:**

איינציקווייז ברענג זיי פאַר מיין אויג די טעכטער.

**דינער:**

איך פאַרנעם מייז האַר! (אָפּ)

**יורד:**

דאָס שפּיל פאַנגט אָן, און יורד לץ וועט שיטן זאַלץ און פעפער
אין דעם ווילדן וויין... אַהאַ, וועט שרפענען אין גומען...

(הויבט אויף די אויגן)

אַהאַ, די ערשטע יונגפרוי ווי אַ פּאַווע וויגט זיך צווישן בלומען...

(ערשטע מיידל טרעט אויף. יורד באַטראַכט זי מיט פאַרזשמורעטע אויגן)

יורד:

וואַרהאַפטיק, ווי דער אָוונטווינט איבער שלאָפנדיקע וואַסערן, צאַרט דיין גאַנג איז,

און מילד ווי שטערן־ליכט אין טיפעניש פון ברונעם, שמייכלען דיינע אַפּלען.

ווי יונגע נעסטן אין פרימאָרגן ראָסע — דיינע ליפּן צאַפּלען — אַ פויגל ווינט אין זיי וואָס פון ליבע קראַנק איז.

הם... נאָר די צעפּ דיינע, פאַר נפילים בלאָ געמיט, ברענען צופיל רויטע.

היי, דינער, ברענגט די יונגפרוי מיר די צווייטע.

(ערשטע אָפּ. צווייטע טרעט אויף)

יורד:

ס'קען דער בויג פון דיינע קנעכלען די יינגסטע הירשין אינעם וואַלד פאַרשעמען.

ווי די נעפּלען ערב טאָג, אויף יונגע סאַסנעס, הענגען די שלייערן איבער דיינע גלידער.

ביסט אַ כישוף־האַרפע פול מיט זיסע לידער...

ווייל צו דעם וואָס דיין ליבשאַפט וועט באַקרוינען.

הם... נאָר די לענדן דיינע, פאַר נפילים צניות, וויגן צופיל זיך פאַרשייטע.

היי, דינער, ברענגט די יונגפרוי מיר די דריטע. (צווייטע אָפּ)

זהרה: (שוועבט אַריין מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן)

יורד:

איך וועל מיט ווערטער דיך ניט מאָלן, עס קען דיין פּראַכט דאָס וואָרט פאַרשעמען.

ס׳האָט דער שאַפער ניט פון אדמס ריפּ דיך אויסגעשניטן — פון זיין אייגענער האָט דער בורא דיך גענומען...

זהרה: (הויבט אויף די אויגן)

יורד?.. יורד אויף דער שטול פון מלך?

יורד:

אַ ווילדער שפּילער איז דער גורל, אהאַ, וואָס עס קען דעם גורל זיך פאַרגלוסטן!

דער ערשטער איך האָב דיין פּראַכט געטרונקען, איצט וועט נפיל צערטלען דיינע ברוסטן...

זהרה:

און דו ביסט דער וואָס דאַרף צום מלכס בעט מיך ברענגען?..

יורד:

ס׳האָט יורד האָלט אָן פּחד קעגן גורל זיך צו שטעלן, אַרויסרופן אים אין נאַקעטן געפעכט:

אויב ס׳איז זהרה מיינע אויף אַן אמת, בלייבן מיינע וועט זי אויך אין מלכס בעט...

זהרה:

צו וואָס דאַרף יורד אַזויפיל אומוועגן און געפּלאָנטער?

יורד:

סע געפעלט אזוי יורדן דעם לץ צו גיין צו זהרהן דעם כהן גדולס טאָכטער.

זהרה:

דאָס נעמט דיין שטאָלץ אין מיר אַזוי נקמה?

יורד:

יורדס שטאָלץ האָט אַ סך חשבונות מיט מלך נפיל און מיטן כהן גדולס טאָכטער.

און ס'האָט יורד זיין נוסח חשבונות צו באַצאָלן...

זהרה: (גלייכט זיך אויס)

באַצאָל זשע, יורד, טו וואָס ס'איז באַפוילן דיר צו טאָן.

יורד:

ווערטער פאַלן ווי געהאָגל פון דיינע לעפצן.

און ווי אַ רויבפויגל ברענט דער קוק אין דיינע אַפּלען.

אַזויפיל האָס צו מיר... זהרה...

זהרה:

כ'האָב געזאָגט שוין: טו וואָס ס'איז באַפוילן דיר צו טאָן.

יורד:

איך גיי. איך טו. אָט איך שפּרייט דעם מלכס צעפּטער

איבער דיינע אַקסלען — אַ סימן דיר: איך זאַלב דעם כהן גדולס טאָכטער

פאַרן בעט פון מלך נפיל...

קום, זהרה, געזאַלבטע געקרוינטע...

(גייט אַראָפּ פון שטול, ווילל זי נעמען אונטערן אָרעם)

קום צום מלך!

זהרה:

דאַרפסט ניט פירן מיך. איך גיי אַליין. (אָפּ)

יורד: (אַליין)

אַהאַ, ווער טרייבט עס יורדן מיט זיין אייגן גורל אַזוי צו שפּילן?

דער קנויל פאַרפלאָנטערט זיך און יורד ליג

איז אי דער פישער אי דאָס פישעלע אין נעץ...

(צעלאַכט זיך ווילד)

דאָס שפּיל גייט ווייטער, די נעץ ברייטער, אויסגעשפּרייטער,
גרייט צו נייעם פאַנג.

(טוט אַן אויסטערלישן שפּרונג. די סצענע טראָגט זיך איבער אין געבערג. ס'איז נאַכט. די גרענעץ־באַוואַכער שלאָפן אונטער די ריזיקעביימער).

יורד: (שפּרינגט אַרויס פון פינצטערניש).

גוטנאָוונט וועלט, אָט בין איך!
ווילדער פעפער, שוואַרצער זאַלץ,
מיט די פייער־פינגער מיינע שפּין איך
די קרוין־שטול פאַר מיין שטאָלץ.

(קוקט זיך אַרום)

און די וועלט די פאַרטיפשטע שלאָפט איר שלאָף דעם ליימענעם.
די ביימער פאָפן, די קעפּ אויפן ווינט פאַרגליווערטן פאַרוואָרפן.
די בערג פאָפן און די שטערן אויף די שווייגנדיקע הימלען.
דער וואָרעם שלאָפט און סע שלאָפט דער אָדלער. כאַ־כאַ, אפילו די קריגסלייט מלך נפילים
אויף די פיילן בויגנס ליגן זיי און פאָפן, אַלץ פאָפט, נאָר איינער וואַך איז:
יורד רוט ניט. האַהאַ, וועלט פאַרדרימלטע, עס וועט יורד אַ טאַנץ טאָן זיין פייערטאַנץ
איבער דיין פאָפענדיקן גוף און אַ פלאַקער טאָן מיט שרפה...
דער פלאַן מיט אַלע פּרטים גרייט איז אין מיין מוח. אַ רגע און איך וועל
פאַרוואַנדלען אים אין ברענענדיקע מעשים.
אַהאַ, פון דער זייט געבערג שלאָפן נפילים קריגער און פון דער צווייטער

די רייטער-שבטים פון מלך ראזש. אַהאַ, יורד, טו אַ קיצל אונטער
די פּאַנצערס זייערע!

(צילט מיטן פיילן-בויגן, אַריבער צו יענער זייט באַרג. איין פייל,
אַ צווייטע, — עס דערהערט זיך אַן אויפשרייען)

**יורד:**

ווייזט אוים געטראָפן... יורדס פיילן טרעפן שטענדיק.

(שיסט נאָך אַמאָל, די געשרייען שטאַרקן זיך)

**יורד:**

אַהאַ, נאָך אַמאָל געטראָפן. די רייטער-שבטים פון מלך ראזש
כאַפּן אויף זיך פונעם שלאָפן.

(שיסט נאָך אַמאָל. עס הויבן אָן קומען פיילן פון יענער זייט באַרג)

**יורד:**

דעם מלך ראזשס קריגסלייט ענטפערן מיט פיילן. וואָרהאַפטיק,
פונקט ווי ס'האָט דער רצון מיינער אויסגערעכנט. דאָס שפּיל
צעפלאַקערט זיך.

האָפּס יורד!!!

(שפּרינגט אַריבער אויף אַ צווייטן בערגל... די פיילן ווערן עפּטער...
נפילם קריגסלייט כאַפּן זיך אויף מיט פּחד)

**ערשטער קריגסמאַן:**

אַ פיילן האָגל איבער אונדזערע שלאָפעדיקע קעפּ... וויי געשריגן!

**צווייטער:**

דער טייוול האָגלט. אוי, האַרנטע, אין חלום איך האָב געמאָלקן
מיינע ציגן...

און מיט אַמאָל...

**דריטער:**

איך האָב געשעפּט וואַסער פונעם קוואַל אין טאָל...

מיין כלה לעבן מיר...

ווי געשריגן! ווער האָגלט טויט איבער אונדז, ווי איז מיר!

**ערשטער:**

זעט, זעט, די רייטער־שבטים מלך ראזשם.

(פאַלט געטראָפן פון אַ פייל)

**צווייטער:**

די קריגסלייט פון מלך ראזש יאָגן פון געבערג.

(פאַלט געטראָפן)

**דריטער:**

אין די האָרנס בלאָזט! דעם מלך נפילס קריגסלייט רופט צונויף!

**קולות:**

אין די האָרנס בלאָזט! רופט דעם מלך נפילס קריגסלייט צונויף!

(מען הויבט אָן בלאָזן אין די האָרנס. קריגסלייט לויפן זיך צונויף!

**קולות:**

מיט פיילן, מיט פיילן ענטפערט אָפּ דעם שונא.

(דאָס געפעכט צווישן די מחנות צעפלאַקערט זיך)

**יורד:** (אונטער אַ בוים)

איצט ווערט יורד איבעריק אויפן שלאַכטפעלד. האָסט די שרפה אָנגעצונדן, איצט פלאַקערט שוין אַליין... הײַדאַ לץ,

דאָס שפּיל גייט ווייטער...

(פאַרשווינדט. די סצענע דרייט זיך איבער צום מלכס גאָרטן)

**נפיל:** (שטייט אויף די קני, טוט תפילה)

אַ האַר, דער הימל און די ערד זענען דיין

און דיין מיין גוף, דאָס הויז פון פלייש און קנאָכן.

דיין האַנט געהאַמערט האָט דעם שטומען שטיין,

און גרין געמאַכט די שלאָפנדיקע מאָכן...

דעם טייך האָסטו אויסגעשניצט אין געבערג זיין בעט,
ער גייט דעם וועג וואָס דו האָסט אָנגעצייכנט.
אָ, האַר, דערבאַרעם זיך אויף מיר, דיין קנעכט,
אַנטפּלעק דיין ווילן, גיב אַ צייכן.
וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין פלייש און ביין?
איך דאַרף מיין גוף דאָך ערגעץ ווו דערטראָגן:
אויף מיין קאָפּ האָסט אָנגעטאָן אַ קרוין —
וואָס זאָל איך צו מיין אויסדערוויילטקייט זאָגן?
האָסט אדמס שבטים גאַנצע איבערגעענטפערט אין מיין האַנט —
וווהין זאָל איך די מענטשן-קינדער פירן?
איך בין אַ פרעמדער אויף דער ערד, און במילא אין דעם לאַנד,
אַן אורח ביי פרעמדע טויערן און טירן...
אַ סך מאָל דוכט: געגליכן איך בין שטערן-שיין
וואָס ציטערט איבער וואַסערן און ימים:
ער איז דאַ, די אַפּלען זייגן איין זיין שיין,
נאָר וואָרהאַפטיק, זיין היים, זיין היים איז ניט פון דאַנען.
אָ האַר, אויב באַשערט צו הויזן מיר אין בלוט און פליישיקן גוף,
מאַך מיין לייב מיר נאָענטער און היימיש.
האָרך, אַלע איינגעווייד מיינע כליפּען אין דער טיף.
אַנטפּלעק דיין ווילן האַר, גיב אַ רמז...
(זהרה באַווייזט זיך פון גאָרטן טונקלעניש)
**נפיל:**

וואָרהאַפטיק, טריט אין מאָכן הער איך שוועבן... לבנהדיק-בלאַע שטילע.

**זהרה:**

דער מלך קניט? דער מלך טוט תפילה?

נפיל:

אַהאַ, דו? זהרה, באַשערטע מיינע. ווי לבנהשיין
אין גראָז מילד דיין טראָט איז... ניט דערהערט דיך קומען, אַ מלכּה־כּלה...

זהרה:

ניט געוווסט אַז אין אָט דער שעה דער מלך איז מתפּלל.

נפיל:

די שעה פון מוטער־נאַכט פול מיט שטילקייט און גנאָד.
די ערד ווערט גרינג, דאָס האַרץ נענטערט דיר צו גאָט.
די ווערטער שוועבן פלאַטערדיק, לייכטער צו דערהערן.

זהרה:

דעם מלכס האַרץ, ווייזט אויס, פול מיט תּפילה און באַגערן.
(זעצט זיך אַראָפּ אויפן בלומען־בעט)

נפיל:

אַזויפיל טועכצער דאַרפן ווערן דאָך געטאָן, אַזויפיל טראָט געטראָטן ווערן,
און דער מלך איז ניט מער ווי אַ מענטש פון פלייש און ביין.
דאָס פאָלק וואַרט איך זאָל עס פירן, און דער פירער
ווייסט אַליין נאָך ניט וווהין צו גיין.
(זעצט זיך אַראָפּ אויפן בלומען־בעט לעבן זהרהן)

זהרה:

מלך ביסטו, און מיר דוכט: ווי אַ קינד דו שטרעקסט די הענט
צו דער מאַמען מיט געוויין...
(גלעט אים די האָר)
מיין האַרץ ווערט פול מיט מוטערליבשאַפט און די אָרעמס מיינע גאָרן
צו וויגן דיך, אַ באַשערטער מיין.

**נפיל:**

אַ, אַזויפיל בלאָער רחמים אין די ווערטער דיינע. די אויגן דיינע — ברונעמער

וואָס שפיגלען די שטערן פון אַ ווייטער פרעמדער וועלט. אַ, זהרה, כלה מיינע.

(נעמט זי אַרום)

אַ האָרך, שוועסטער, ווי קוואַלנדיק געוואַסער לויפן די בלוטן מיינע, רופן צו דיר.

אַלע קוואַלן ווילן דערטרינקען זיך, ווערן איינס מיט דיר,

כלה מיינע... ווייב...

(ציטערט אויף)

אַ פחד גייט אויף אין מיר. פחד פאַר בלוט און פלייש און לייב.

**זהרה:**

אין די גלידער דיינע פאַרנעם איך געוויין.

**נפיל:**

ס׳איז געכליפּ פון מורא פאַר דער ערד,

מורא פאַר שותפות מיט חומר.

פון דיין פלייש שרייען דורות צו מיר: באַשאַף!

און סע ענטפערט אין מיר אַ וואַכעדיקער שומר:

ניט געגען, ווערט קיין שותף צום באַשאַף

פון בלוט און פלייש. אדם זיין איז טעות.

ווער קיין שותף ניט צום טעות.

**זהרה:**

אַזאַ צער אין דיינע אויגן

**נפיל:** (ווי אַ קינד)

אַ, שוועסטער פאַרהיל מיך אין דיינע האָר, באַהאַלט מיך.

(זי וויקלט אים איין אין אירע האָר)

**נפיל:**

וויג מיך שוועסטער אָט אַזוי,
וויג, פאַרוויג מיך.
צו דער היים פון גאָלע בלוי,
וויג צוריק מיך.
ניט קיין גוף פון פלייש און ביין —
אין — סופיקער זכרון...
וויג צוריק מיך צו דער היים
פון פאַר־געבאָרן

**זהרה:** (וויגט אים)

איך וויג דיך, וויג דיך —
וועמען וויג איך
אין די אָרעמס איינגעשלאָפן?
איך וויג דיך, וויג דיך...
וועמען וויג איך —
ביסטו קינד, צי ביסטו חתן?
בלוי און צאַרט ווי שטערן־ליכט —
ס'איז דיין גוף קיין גוף נישט.
ווער און וואָס דו ביסט —
איך באַנעם נישט, ווייס נישט...

(זיי וויגן זיך צונויפגעטוליעט אין ריטם פון דער האַרפן־מוזיק וואָס ריזלט פון גאָרטן. פלוצעם דערהערט זיך גאַנגגעקלאַנג. פייערן פלאַקערן אויף. געשרייען געיאָמער פון ווייטן. פאַנפאַרן שאַלן)

**זהרה:**

וואָס רופט דער גאָנג אין טיפער נאַכט?
וואָס שאַלן די פאַנפאַרן?

וואָס זאָגן אָן די בשורה ברענגערס ?
הער, הער, געיאָמער טראָגט זיך פון דער ווייט.
שרפות פלאַקערן צום הימל...

נפיל : (ווי פון חלום)
ווער יאָמערט עס, זהרה ? ווער רופט נאָך הילף אין פינצטערניש ?
ווער וועקט פון חלום-בלויקייט אויף מיין האַרץ,
ווער שלעפּט אַרוים מיך פון דיינע אָרעמס וואָס שפּרייטן זיך ווי
הימלען ?

(כהן גדול און צוויי פּריסטערס איילן אריין)

נפיל :
אין מיטן נאַכט וואָס ברענגט צו מיר דער כהן גדול ?

כהן גדול :
זיי מוחל האַר, אַ שוואַרצער בשורה-ברענגער, באַשערט צו זיין
דעם כהן גדול.
האָרך, פאַרנעם : די רייטער-שבטים פון מלך ראזש האָבן פון
געבערג
אַ פלייץ געטאָן צו אונדזערע טאָלן, מיט שווערד און פלאַם און
פיילן-האָגל.
ווי געשריגן... די הייזער אונדזערע ברענען, די שייערן פלאַקערן
און קינד און קייט שטייט נאַקעט קעגן טויט.

נפיל : (אין זיך)
אהאַ, וואָס מיינט דער פאָטער-האַר מיט מיר ? אין די ערשטע
טעג אויף ערד,
אין די ערשטע טעג, אַזויפיל געראַנגל און נסיונות.
וואָס מיינט דער האַר מיט מיר ? וואָס ביסטו מיר מרמז ?

**כהן גדול:**

דאָס פאָלק, אַ האַר, מיט אויסגעשטרעקטע הענט ביי דיינע טויערן שטייט און וואַרט,

אונטער די פליגלען דיינע נעם עס.

**נפיל:**

אונטער מיינע פליגל? צי האָב איך דען נאָך פליגלען? הענט און פיס

און אברים האָב איך? וואָס זאָל איך טאָן מיט זיי?

אָ, אַנטפּלעק דיין רצון מיר באַשאַפער!

(יורד טרעט אויף)

**נפיל:**

אָ, יורד! געבענטשט דיין קומען! די רעכטע שעה שטענדיק קלויבסטו אויס,

ווען מען דאַרף דיך ביסטו דאָ.

**יורד:**

וואָרהאַפטיק, ווען מען דאַרף מיך, בין איך דאָ...

נאָר גלויב מיר, יורד ווייסט ניט וואָס דאַרף אים איצט דער מלך.

**נפיל:**

די רייטער־שבטים פון מלך ראזש...

**יורד:**

דאָס ווייס איך. נאָר וואָס קער עס אָן זיך מיט מיין קומען, פרעג איך.

**נפיל:**

יעדער טראָט טראָגט אין זיך באַשערטקייט און יעדער ריר אַ ווונק איז

פון טאַטע-גאָטס כוונות. הער אויס מיך ברודער יורד. נאָך איידער
איך עפן אויף די לעפצן מיינע, בעט איך דיך, געדענק: אין מיינע ווערטער
ניט פאַראַן חלילה קיין שמץ פון געבאָט. איך שטיי ניט אויף און זאָג דיר: גיי!
אַ ברודער פּרוווט עצהנען אַ ברודער,
און אויב אַפילו דער עצה-געבער זאָל זיין דאָס מאָל דער שוואַכערער
זיי אים מוחל. אין פאַרשטאַנד —

**יורד:**

אמתדיק געזאָגט — ס'האָט יורד ניט באַזונדערס ליב די שטענדיקע מחילה-בעטער,
און באַשיידנקייט מאַכט האַליק מיר דעם גומען...
נאָר מילא, רעד, איך וועל האָרכן. רוף די זאַכן אָן ביים נאָמען.

**נפיל:**

אַ שטים רעדט אין מיר: יורדס שעה האָט יובלענדיק געשלאָגן:
אַן איש-מלחמה יורד איז געבאָרן, און זיין האַנט באַשאַפן —
אַ שאַרפע שווערד צו טראָגן.

**יורד:**

דאָס ווייס איך. וואָס האָסטו נאָך צו זאָגן?

**נפיל:**

איז ניט גענוג געזאָגט? צי דאַרף יורד מען זאָל אַ רעין אים צעקייען?
שטיי אויף ברודער מיינער, און נעם די שווערד פון עלטסטן קריגער אין דיין האַנט
און גיי און פיר די שבטים מיינע קעגן שונא!

יורד:

איך? איך דער עלטסטער איבער קריגער? און דער מלך
וואָס וועט טאָן מיט דער שווערד מיט זיינער?

נפיל:

דער מלך וועט זיין שווערד דיר געבן — דיין אָרעם איז פּאַסיקער
פאַר איר, מיין ברודער.

יורד:

זע, די כוהנים שטייען פאַר דיר. און אין דער רעכטער דיינער,
זיצט די מלכה־כלה,
און דו... און דו שעמסט דיך ניט צו אַנטפּלעקן זיך פאַר זיי אין דיין
אוממאַכטקייט.
וואָס הייסט דעם מלכס האַנט ניט פּאַסיק פאַר דער שווערד איז?

נפיל:

חשבון גיב איך פאַר איינעם נאָר — פאַר גאָט. און דיר, מיין
ברודער,
מוחל בין איך דיינע זידל־רייד. מיין כבוד? ס׳איז פאַראַן
בילכערם פון כבוד מיינעם:
גיי, דאָס פאָלק רופט דיך. גיי און פיר עס קעגן שונא!

קולות פון פאָלק:

געקרוינטער! געזאַלבטער! באַשיצער!

יורד:

רופן, רופט דאָס פאָלק זיין מלך!

נפיל:

עס רופט דעם וואָס קען אים העלפן!
(ציט אַרויס די שווערד, דערלאַנגט זי יורדן)
גיי און פיר עס קעגן שונא!

**יורד:** (נעמט זי)

זאָל זײַן... זאָל זײַן... אויב באַשערט אַזוי זאָל זײַן...

(הויבט אויף די שווערד)

ביי מיין כבוד שווער איך! יורד וועט ניט קומען אָנעם זיג.

(לאָזט זיך גיין. כהנים נאָך אים)

**כהן גדול:**

פון די געטער דער גענאָד רוען זאָל אויף דער שווערד אויף דיינער, יורד!

(פון דרויסן דערהערט זיך דאָס שאַלן פון פאַנפאַרן און די יובלענדיקע אויסרופן פון פאָלק)

**זהרה:**

האָרך! דאָס פאָלק יובלט אַנטקעגן יורדן! די שבטים שאַלן צו יורדן דעם דערלייזער.

און דו גאָר, נפיל, געדאַרפט האָסט זיין זייער פירער און דערלייזער.

**נפיל:**

ס'איז איטלעכער דאָס וואָס ער באַגערט צו זיין.

**זהרה:**

אַ מלך, ווי פחדימדיק געזידלט ס'האָט דיך יורד. און דו? דו אפילו פאַראיבל האָסט ניט אויף דיין באַשמוצער.

**נפיל:**

דער וויינשטאָק טראָגט דעם וויין — ס'איז זיין באַשערטקייט.
דער טייטלבוים — די טייטלען. איטלעכער טראָגט זיין פרוכט בעל כרחו.
צי איז יורד שולדיק — ס'איז באַשערט צו זידלען, טאָ זידלט ער.
און מיר? באַשערט מיסתם מוחל זיין, — טאָ בין איך מוחל.

**זהרה:**

ווערליך דיינע רייד — ניט פאַראַן קיין שולד, קיין שולדיקע?.

**נפיל:**

ווייזט אויס אַזוי, מיין שוועסטער.

**זהרה:**

אויב אַזוי, צו וואָס אַרויסגיין קעגן מלך ראזש אין שלאַכט?

**נפיל:** (שמייכלט)

מלך ראזש בעל כרחו מוז באַפאַלן, און מיר בעל כרחו דאַרפן
שיצן זיך קעגן באַפאַלער.

און ביידע מאָל הייסט עס: בלוטפאַרגיסן. זינדיקן.

(אין דרויסן דערהערט זיך דאָס אָנוואַקסן פון קריגס־רעש. שרפות־פייערן צעפלאַקערן זיך. עס דערהערט זיך דער געיאָמער פון פאַרוואונדעטע און דער זיגערויבל פון בעל נצחון)

**כהן גדול:** (אַריין איילנדיק)

אַ מלך, געקרוינט־געזאַלבטער! בשורות טובות ברענגט דיין כהן גדול:

דיין שר־מלחמה יורד, אויף זיין פערד ווי אויף אַ פייער וואָלקן טראָגט זיך

און אין אויסגעשפרייטן אָרעם — ווי אַ שטורעם בושעוועט זיין שווערד.

אַ געוויטער פלייצט אַזוי איבער יונגע וועלדער, רייסט די ביימער מיט די וואָרצלען פון דער ערד...

אין בלוט אין אייגענעם וואַלגערט זיך דעם שונאס רייטער און זיין פערד.

זינגט און יובלט! אין שאַנד אַנטלויפט דער מלך ראזש און דער גיבור יורד

יאָגט נאָך זיי מיט טויט און פאַרדאַרבונג!

**העראַלדן:** (איילן אַריין)

שופרות שאַלן, שופרות מבשר זענען: ניצחון!

ניצחון! ניצחון!

**נפיל:** (אין זיך)

ערשט דער פערטער מעת לעת מיינער אויף דער ערד און שוין

בין איך אַ שותף, שותף צו שווערד און צו מאָרד.

האָט געמוזט אַזוי זיין?

פאָרהאַנג

## דריט בילד

(אויפן רוקן פון געבערג הויבט זיך אויף דער אָנהייב פון אַ ריזיקן טורעם. די פּריסטערס טרייבן אונטער די קנעכט וואָס טראָגן שטיינער און ליים צום בנין)

מלך ראזש: (אַ צעבראָכענער גרייז, הייבט מיט די לעצטע כוחות אַ מאַסע און ברעכט צוזאַמען)

ערשטער פּריסטער:

אוי, מלך ראזש! די קרוין פון גאָלד, ווייזט אויס, לייכטער איז
פון זעק מיט שטיינער. נאָר טראָגן מוז מען
וואָס די צייט באַפעלט דיר: טראָג!
היי, געשווינד נייגט זיך שוין דער טאָג
צו זיין פאַרגאַנג. די פייגל איילן צו די נעסטן אַהיים פון פלי,
דער פאַסטוך מיטן פלויער פירט אַהיים זיין פי.
יעדער האָט זיין אַרבעט, ווי סע קער צו זיין, פאַרענדיקט.

ראזש: (ענטפערט גאָרנישט. אַ שווייגנדיקער שלעפּט ער אַוועק די מאַסע און פאַרשווינדט)

צווייטער פּריסטער:

ווער פאַרשטייט די דרכים פון די געטער,
די קאַפּריזן זייערע ווער באַנעמט?
די טעג פון מענטשן זענען מערער דען פון בלעטער.

וואָס דער שטורעם רייסט מיט הפקרדיקע הענט?
מלך, בעטלער, נאַר און חכם...
אַ רגע, און אָפּגעווישט צווישן אַלעמען דער גבול.
די טעג פאַרגייען, און וואָס קומט דערנאָכדעם?
די געטער לאַכן און שפּילן ווייטער זייער שפּיל...
ווי לאַנג ערשט, אַז אַלטער ראַזש געוועזן איז אַ מלך,
און יורד — אַ גראַמענמאַכער אין מיטן מאַרק?
איצט גראַמט דער גורל טרויעריק־פריילעך:
איינער נידערט, דער צווייטער — שטייגט אַרויף צום באַרג.

דריטער פּריסטער:

נאָר די האַרנטע ווייסט, ביז ווהין אַזאַ יורד קען דערקלעטערן.
פון נצחון צו נצחון טראָגט ער זיך אויף זיין פייער־פערד.
אַזויפיל קעפּ געקרוינטע האָט געטאָן זיין שווערד צעשמעטערן.
איצט וויל ער ווייטער: ניט גענוג איז יורדן די ערד:
אַ טורעם צו די הימלען שטעלט ער אויף דער מאַכטיקער, צום
ווינאַרט פון די געטער,
ער וויל דערגרייכן, דער שיכורער פון זיג.
די זונען אונטערטעניקן, די מזלות, דעם רעגן און דעם שטורעם,
און אַליין ווי אַ גאָט פון די הימלען אומקערן זיך צוריק.
(עס דערהערט זיך פלייטן־געשפּיל)

צווייטער פּריסטער:

זעט, זעט יורדס קאַרליקעס רייטן, און זייערע פלייטן שאַלן
יובלענדיק,
און אונטער זיי אויף קעמלען פירן קנעכט מאכלים און קוועלנדיקע
ווינען.

האהאַ, דעם יום טוב פּראַוועז גרייטן קומען זיי די שאָלטעקלעך די פריילעכע.
זעט, זעט, ווי אונטער די גרויסע מיצן, די פּיצלעך אייגלעך זייערע שיינען.

(קאַרליקעס קומען צו רייטן)

ערשטער קאַרליק:

גרויסע פערד און קליינע רייטער.
גרויסע פליטן און קליין־געשפּיל.
פאַרן ווילדן כיטרע־רייטער,
איז דאָס רייטן — וואָרער ציל.
הייבט די בייטשן טרייבט די שימלען.
פון די לאַגלען זויפט דעם וויין.
יורדם טורעם ביז צו הימלען
וועט זיך הייבן און דערגיין.

צווייטער קאַרליק:

ווו איז הימל? וואָס איז הימל?
עיקר, עיקר איז דער טומל
אַרום געקלעטער, אַרום געשטייג.
פאַכעט, פאָכעט מיט די פליגל,
היי, טומלדיקער רימל,
איינגעשפּאַרטער אין דער שטייג.

דריטער קאַרליק:

שטייגן, שטייגן, לויטער שטייגן,
ניט קיין טראָט און ניט קיין ריר.
מאַכט מען צו די קלוגע אויגן
און מען עפנט אויף די טיר.

כאַטש די טיר זי פירט אין ערגעץ
לאַכט זשע קאַרליקעס, אוי לאַכט.
אונדזערע קעפּלעך מיט די מיצן
האָבן דעם טומל אויסגעטראַכט.

ערשטער קאַרליק:

היי, איר קנעכט אויף קעמלען,
לאָדט אַראָפּ די וויינען
וואָס וועלן יורדים טישן
מיט יום־טוב־גאָלד באַשיינען.
סע יאָרט זיך היינט דאָס יאָר דאָך,
זינט יורדים גרויסער ווילן
האָט דעם ערשטן שטיין געלייגט דאָ,
צום טורעמדיקן שפּילן.

(קנעכט נעמען אָפּלאָדן די שפּייזן און וויינען, צעשטעלן רייזיקע טישן און נעמען זיי גרייטן מיטן כל טוב)

ערשטער פּריסטער:

אוי אַ סעודהלע וועט עס זיין. איין מאָל שוין אַ סעודהלע:
האָניג־ברוינער ווייַן זינגט אַרויס פון פעסער... היידיידי...
אינדיקעס געבראָטענע קוועלן פון גילדענע סאָסן, היידיידי...
אוי לעבן, טייער לעבן, אַלטער סאָלאָוויי
עפן אויף דאָס שנעבעלע און זינג: היידיידי.

צווייטער פּריסטער:

ניט פאַרזוכט דעם ווייַן נאָך און ביסט שוין שיכור, ברודער.

ערשטער פּריסטער:

עס חלשן נאָך אַ קאַפּל תענוג די אַלטע גלידער.

די זיבעציק יאָרעלעך אויף מיינע פּלייצעס שרייען: געוואַלד אַ טראָפּן פרייד!
סע שלאָגט ווי אַ קוואַל מיין האַרץ נאָך אונטערן פּריסטער קלייד.
היידיידי (מאַכט אַ טענצל)

**דריטער פּריסטער:**

חסר דעה...

**צווייטער פּריסטער:**

און צוריק געקערט: אַ רחמנות אויף די יאָרעלעך נעבעך, אוי אַנטלויפן זיי,
ווי אַ שאָטן פון אַ פויגל, דורכגעפלויגן און נישטאָ מער.
שטרעקסט אויס די הענט און זיי צערינען ווי אַ חלום.
נאָר וואָרהאַפטיק ברידער, אויב אַ חלום איז גלייכער אוודאי אַ בטעמטער חלום...
מיט ווייבלעך און וויינעלעך, מיט היידיידי...

**דריטער פּריסטער:**

מילא, אַז צוויי זאָגן שיכור, לייגט דער דריטער זיך שלאָפן...
נו, היידאַ, לאָמיר אַ פאַרזוך טאָן דעם גילדענעם, דעם פייערדיקן, דעם היידיידי...

(פּריסטערס גיסן זיך אָן קריגלעך מיט וויין)

**ערשטער פּריסטער:** (פּלוצים)

זעט אַ נס: אין מערב פאַרגייט די זון און אַנטקעגן
אין מזרח פּורפּורט אויף אַ ליכטיקייט פונסניי.

**צווייטער פּריסטער:**

וואָרהאַפטיק, מיט פאַקלען טראָגט זיך יורדס רייטעריי.

דריטער פּריסטער:

אַ ים מיט ליכט. ווי אין מיטן נאַכט אויפגעגאַנגען וואָלט

אַ נייע זון. אַ זון־אויפגאַנג אין מיטן נאַכט.

ערשטער פּריסטער:

און ווי אַ גאָט אין ווילדן פּורפּור,

אויפן פייער־פערד, טראָגט זיך יורד אין זיין פּראַכט.

לאָמיר פאַלן צו דער ערד, קניען פאַרן מאַכטיקן.

(פּריסטערס קניען. יורד מיט זיינע שררים קומען אָן)

יורד:

וואָס קניען די פּריסטערס מיינע? איז צייט פון תפילה איצט

אין זונפאַרגיין?

ערשטער פּריסטער:

מיר האָבן אין זיין פּראַכט יורדן דעם מאַכטיקן דערזען —

צי זאָלן אונדזערע קנעכלען ערפורכטיק ניט נייגן זיך פאַר אים?

יורד:

שטייט אויף און גענענט צו יורדס טיש און לאַבט די הערצער

אייערע

מיט שפּייזן און געטראַנק, גענענט! וואָס ציטערט איר? יורדן

דער פּחד איז דערווידער...

(זעצן זיך ביי די טישן. דינערס טראָגן אויף שפּייז און געטראַנק.

טענצערינס טאַנצן אריין מיט טאַצן און גלעקער)

יורד: (שיכורלעך)

אַהאַ, און אַזוי באַפעלט יורד דער בעל נצחון: דעם באַזיגטן מלך

ראזש

און זיינע שררים ברענגט אהער און זעצט זיי מיר צופוסן.

יורד וועט פאַר זיינע קנעכט מיט זיין אויסגעשפּרייטן אָרעם,

וואַרפֿן קרישקעס פֿון זיינע יום־טובדיקע טישן.
(מען ברענגט מלך ראזש און זיינע שררים)
**יורד:**
הייב אויף דיין קאָפּ, אַ אַלטער מאַן!
אַזויפיל תהום אין דיינע עצבותדיקע אויגן.
אַן אָדלער דאַרף בלייבן אָדלער אויך דאַן,
ווען ער ליגט שוין אַ געפאַנגענער אין שטייגן.
וואָרהאַפטיק, אין שטייג דערקענט מען אויף אַן אמת ערשט,
צי זענען פליגל געווען טאַקע פליגל.
**ראזש:**
צי פאַרשטייט אַ פוקס זיך דען אויף פליגלפלי?
צי ווייסט דער פוקס וויפל מלכותדיקע פראַכט
עס שלאָפן אין אָדלערס עצבותדיקע אויגן,
וועלכע ווילן בלייבן צוגעמאַכט
ווי טויערן וואָס היטן זיין מלכותדיקן טרויער?
**יורד:**
דער אָדלער גאַרט נאָך איינזאַמקייט, נאָך ריגלען און נאָך טויער?
צו דיין גאַרעניש מיין אויער ווער איך נייגן.
היי איר קנעכט איילט צו יורדס מויער,
און פון זיין לייבן־קאַמער ברענגט אַהער די שטייגן.
(קנעכט אָפּ)
**יורד:**
צי זעט דער אַלטער ראזש ווי גרויסמוטיק ס׳קען דער בעל נצחון זיין?
ווי אַמאָל מיין שווערד בליציק שאַרף,
קען אויך מיין גנאָד פאַלן ווען מען דאַרף.

ביידע באַשערט צו פילן דיר, אָ אַלטער, אויסגעפּרוווטער.
אַהאַ, און איצטער טענצערינס, די פּייקלען נעמט, די גלאָקן, און
טאַנצט דעם טאַנץ
לכבוד דעם אַלטן לייב און דעם אַלטן גלאַנץ,
אויף זיין קיניגס פּעל דער אָפּגעריבענער. האַהאַ, טענצערינס,
טאַנצט דעם טאַנץ!
(טענצערינס נעמען טאַנצן, יורד און זיינע שררים נעמען זויפן וויין,
וויגן זיך שיכור און לאַכן. קנעכט ברענגען אַריין די שטייג)
יורד:
אַלטער לייב, דיין אויסגעבענקטע שטייג איז דאָ!
באַוויליק דיין טראָן באַטרעט.
ראזש: (גייט אַריין אין שטייג)
ניט קיין טראָן — מיין טעמפּל דאָ,
און קניען וועל איך מיט געבעט:
באַהיט מיך גאָט פאַר פּוסטן שטאָלץ און גאווה.
יורדס שררים: (ציִען אַרויס די שווערדן)
שוויַיג אַלטער הונט!
יורד:
שטעקט די שווערדן צוריק אין שיידן.
קעגן אומבאַוואָפנטן ציט מען ניט קיין שווערד.
לאָזט די ווונדן זיינע ריידן.
סע הוילן הינט און הירזשען פערד,
און ס'גייט די זון איר וועג דעם זוניקן זיך ווייטער.
(עס דערהערט זיך פאַנפאַרן־שאַל)
ערשטער שררה:
דער מלך נפיל רייט מיט זיינע רייטער!

**יורד:** (אין זיך)

וואָרהאַפטיק, דאָס שפּיל גייט ווייטער:
אַזויפיל שפע פון ראַנגלעניש, געפּעכט.
און יורד שטייט אין מיטן: אי ליץ אי שטרייטער.
אַזאַ אויסטערליש געפּלעכט...

(נפיל קומט אָן, באַגלייט פון זיינע הויפּלייט)

**נפיל:**

שלום צו אַלעמען און אַלע, שלום צו האַר און קנעכט!

**יורד:** (שטעלט זיך אויף)

און אויך צום מלך!

**נפיל:**

געזאַנג און טאַנץ פאַרנעם איך,
וויין און יום-טובדיקע פאַקלען.

**יורד:**

מיר יומטובן די ערשטע שטאַפּלען צו סך הכלן.

**נפיל:**

סך הכל? ווויל צו דעם וואָס זאָגן קען: „סך הכל",
ווויל צו דעם וואָס קען אויפשטיין און זאָגן: איך האָב אַ טראָט געשטעלט!

איך, איך בלאָנדזשע אַלץ נאָך, ברודער יורד.
וווהין גייען מיר, וווהין?..

**יורד:**

דו שטרעקסט די אָרעמס דיינע, ברודער נפיל, מיט געפרעג.
און איך... איך הייב צו מעשים אויף מיין אָרעם.
דער פרעגער אייביק שטייט ביים אָנהייב וועג.
דער טוער — בויט העכער אויף זיין טורעם.

זע, נפיל, ביז צו וואָלקן הויבט זיך שוין מיין בויאונג,
און ביז צו הימלען, שווער איך דיר, גרייכן וועט זיין שפּיץ.
ווי אַ קאָפּ פון באַזיגטן איך וועל די זון אויפשפּיזלען אויף מיין שפּיז,
און ווי קנעכט וועלן די מזלות קומען אויף מיין רופונג.

**נפיל:** (קוקט אויפן טורעם מיט גרויסע טרויעריקע אויגן און שווייגט)

**יורד:** (צעהאַקט מיט זיין שווערד אַ פּאַס מיט וויין... דער וויין צעפּלייצט זיך)

אַהאַ, זע, סאַראַ פּורפּור־שוימיקער געפּלייץ, הפקרטאַנץ פון קוועלנדיקע טרויבן.

אָדלערס פלאַטערן אין וויין — אין די פּיסקעס זייערע — קליינע ווייסע טויבן...

אַהאַ, הייבט די קריגן ווין איר שררים
און טרינקט צום פּורפּור פון נצחון!

(שררים הייבן די באָקאַלן מיט יובל אויסרופן)

**יורד:**

אַהאַ, זיס דער וויין און זיסער נאָך דער כוס,
געהאַמערט פון שונאס שאַרבן.
זעט, וואָס גאַפט אַזוי דער מלך ראזש?
מיט אויגן כשרע פון קרבן?

(דערנענטערט זיך מיט שיכורע טריט צום שטייג)

אַהאַ, וואָס גאַפט אַזוי דער מלך ראזש אין שטייג,
דאָרשטיק אפשר איז דער קיניג?
יורד קען גנאָדיק זיין, זיין אויג
דערזעט אויך דעם וואָס איז אים אונטערטעניק:
וואָרהאַפטיק, גרויסמוטיק צום קרבן קען יורד זיין,
צו דעם וואָס ליגט אין שטייג אים דאָ צופוסן.

זע, איך דערלאַנג דיר ראזש מיין בעכער ווײַן,
עפן די לעפצן דײַנע, טו געניסן.
(גיסט אים דעם ווײַן אין פּנים אַרײַן)

**שררים:** (לאַכן)
אַ, גרויסער יורד, זיגבאַקרוינטער!

**נפיל:**
אויך דאָס? אויך דאָס נויטיק איז צום זיג?
זײַ מוחל אויב איך פרעג, ברודער זיגבאַקרוינטער?

**יורד:**
„זײַ מוחל"... אײביק, אײביק, דער מלך בעט מחילה. צי וואָלט ניט געפּאַסט אַ שטייגער,
ס'זאָל מלך נפיל אויך מחילה בעטן בײַ מלך ראזש, הלמאי זײַן ברודער יורד האָט פאַרשעמט אים?..

**נפיל:**
ס'קען זײַן סע וואָלט אַזוי געדאַרפט צו זײַן. (אַנטשלאָסן) אוודאי, אוודאי
וואָלט אַזוי געדאַרפט צו זײַן. (לאָזט זיך צום שטייג)

**יורד:** (אין זיך)
אַהאַ, ס'האָט יורד חכם געשטעלט זײַן פוס לציש כיטרע
און נפיל טפש וועט פאַלן איבער אים... וואָרהאַפטיק
גרייט זײַ, יורד: נאָך היינט בײַנאַכט וועט נפיל זײַן קרוין פאַרלירן
אין יורדס אויסגעשפּרייטער נעץ.

**נפיל:** (קניט אַראָפּ פאַר דער שטייג)
מלך ראזש, זײַ מוחל, אין שיכרות פון ניצחון געגרייזט האָט יורד.
איך בעט דיך, זײַ אים מוחל.

ראזש:

ווער שטייט פאַר מיר און בעט מחילה? אין בראָך אין זיינעם
וואָס זאָל מלך ראזש דען זאָגן?
אַז ס'האָט יורד זיגער זיין ווייַן אין פנים מיר געשפּיגן,
געהויבן איך האָב מיין קאָפּ מיט ביטול אַנטקעגן פוסטער גאווה.
נאָר אַנטקעגן נפילן
שטיי איך און באַנעם ניט: איז עס רחמים צי אפשר שפּאָט גאָר?

נפיל:

ווי קען איך שפּאָטן? צי קען איך אויפשטיין אַנטקעגן געבראָכנ־
קייט מיט חוזק?
וואָלט איך געלאַכט פון דיר צי וואָלט עס ניט געמיינט: איך לאַך
פון זיך, לאַך פון אַלע די
וואָס קענען אויך אַמאָל זינקען אין געפאַלנקייט.

ראזש:

ס'האָט יורד מיין האַרץ פאַרשטיינט. אַ שטיין אין וויסטעניש
געוואָרן איז מלך ראזש.
און דו, דו מלך נפיל גיסט אַן טרערן אין מיין אַלטן אויג, דער
שטיין מוז וויינען.

יורד:

אהאַ, איר קריגסלייט מיינע. מלך נפיל וויינט. אהאַ, איר שררים,
די שירצן פון די ווייבער אייערע לאָזט אייך ברענגען און זעצט
אין אַ ראָד אייך אוים
אַרום מלך נפיל. כליפּעט און ווישט די אויגן. אַ מלכות פון
קלאָגווייבער
איז אויפגעשטאַנען, און דער גרויסער וויינער מלך נפיל שנייצט
די ווייבס־נאָז זיינע

און ער קיניגט...

פּאַמעלעך מלך נפיל, פון צופיל וויינען נעמט טרעסן די קרוין זיך אויף דיין קאָפּ.

היט די קרוין, היט זי.

**נפיל:**

צי היט מען דען אַ חפץ וואָס איז איבעריק דיר, סייווייסיי?

מיר בין איך ברודער יורד. מיר פון וועלט און פון גערעגנגל, מיר פון מלכות און פון קרוין. מיר פון אַלע נישטיקייטן וואָס רינגלען מיך אַרום.

**יורד:**

וואָס מיינט צו זאָגן דער וויינענדיקער נפיל?

**נפיל:**

נאָך שטילקייט, נאָך קלוגער שטילער רו בענק איך, ברודער.

און ס'איז די קרוין מיר

לאַסט און עול. און דו, דו יורד, באַגערסט זי דאָך געוויס די קרוין.

טאַ נעם זי!..

**יורד:**

אַהאַ, דו שפּילסט נאָך אַלץ דעם מלך? גרויסמוטיק הויבסטו אויף זיך און גנאָדיק טוסט שענקען.

צי דאַרף יורד דען מתנות? צי קען יורד ניט נעמען זיך וואָס ס'איז זיינס במילא?

**נפיל:**

איך שענק ניט. איך זאָג נאָר פּשוט: די קרוין איז דיין, טאַ נעם זי.

(טוט אוים די קרוין)

נעם זי יורד. זי איז דיינע.

**יורד:**

אַהאַ... צי זאָל איך צערענען דיר נפיל? שטענדיק פאַרלויפסטו
מיר דעם וועג.

איידער ס׳דאַרפן באַגעגענען זיך די שווערדן אונדזערע— ווי זיין
וואָלט דאַרפן

צווישן וואָרע קריגער — טרעטסטו אָפּ דעם וועג מיר אָן אַ שלאַכט.

**נפיל:**

צי קען יורד ניט פאַרגינען מיר אפילו דאָס קאַפּל תענוג?

**יורד:**

מיט אָט דעם קאַפּל תענוג דיינעם, ווערט דאָך וויניקער אין בעכער
מיינעם פרייד.

**נפיל:**

צי מוז דיין בעכער שטענדיק זיין אַ פולער? עפּעם מוז דאָך בלייבן
פאַרן צווייטן. זע, דער צווייטער דאַרף וויניק, יורד, ברודער.

(דערלאַנגט אים די קרוין)

אָ, יורד, ברודער, נעם צו די לאַסט פון מיר, איך בעט דיך.

**יורד:** (נעמט די קרוין, טוט זי אָן זיך אויפן קאָפּ)

**קריגסלייט:** (שטייען אויף, נעמען יובלען)

יורד געקרוינט-געזאַלבטער! יורד אונדזער גרויסער מלך!

**נפיל:**

איצט בעט איך איינס נאָך: זאָל דער מלך יורד דערלויבן מיר
צו גיין.

(לאָזט זיך גיין)

**יורד:** (גלייכט זיך אויס מאַיעסטעטיש מיט דער קרוין)

גערענק: מיר האָבן נאָך חשבונות... ברודער נפיל. (נפיל אָפּ)

(כהן גדול קומט צו לויפן. דאָס געוואַנט אויף אים איז צעריסן. ער פליקט די האָר פון קאָפּ זיך און יאָמערט)

**כהן גדול:**

ווײ געשריגן, דער טעמפּל ברענט, די געטער צערענען, אין די פלאַמען טאַנצן זיי

און מיט אויפגעמאַכטע מײַלער שלינגען זיי די שפּיצן פונעם טעמפּל...

ווײ געשריגן... די ערד וועלן זיי פאַרשלינגען די צאָרנדיקע, די הימלען פאַרברענען,

און אָפּמעקן דעם זאָמען פון בן־אדם. ווײ געשריגן, ווײ!

(דערזעט יורדן)

יורד, יורד מיט אַ קרוין? יורד קיניגט?

**יורד:**

איבער דער ערד קיניגט יורד און איבער די הימלען וועט ער קיניגן

און אַלע פעלקער וועלן קומען בוקן זיך פאַר זײַן גרויסקייט... וואָרהאַפטיק,

אפילו די געטער קומען וועלן און קניען פאַר מײַן אַלמאַכט...

קני פאַר מיר, כהן גדול!

(פאָרהאַנג)

## פערט בילד

(אין געבערג, יורדס טורעם האָט זיך ריזיק צעוואַקסן, פּריסטערס מיט פאַריסענע קעפּ, שטייען אַרויפקוקנדיק צום כהן גדול, וואָס קלעטערט אַראָפּ פונעם טורעם)

ערשטער פּריסטער:

זעט ברידער, זעט, פון נעפּלען שטראַלט דאָס פּורפּור-גאָלד פון הייליקן כהן גדול-געוואַנט,
ער שפּאַנט און דער הייליקער לאַמטערן ציטערט אין זיין הייליקער האַנט.

צווייטער:

פון הימלען קומט צוריק דער כהן גדול, פון ווינאָרט פון די געטער
קערט צוריק דער ליכטיקער!

כהן גדול: (אַראָפּקלעטערנדיק פון טורעם, וואַקלט זיך פאַרווירט ווי הינערפּלעט)

פּריסטערס: (פאַלן אויף די קני)

אהא, כהן גדול, אַ מאַכטיקער, פּראַכטיקער!

כהן גדול: (ווי אויפכאַפּנדיק זיך פון חלום)

ווער רופט? ווער רופט דעם כהן גדול?

פּריסטערס:

מיר! מיר, די פּריסטערס דיינע!

**כהן גדול:** (אין זיך)

ערד און הימל. הימל און ערד. און אין מיטן צווישןביידע,
צום שפּיץ פון טורעם קלעטער איך און אַרום מיר און די דער־
שראָקענע אברים מיינע
פלעכטן זיך די נעפּלען, קרייזן זיך נעפּלען, נעפּלען, נעפּלען.
און איבער מיר...

**פּריסטערס:**

אַנטפּלעק דעם סוד אונדז כהן גדול!

**כהן גדול:**

און איבער מיר, איבער מיין קאָפּ דעם שוועבנדיקן, וואָרהאַפטיק,
דער זעלבער הימל, דער זעלבער הימל אויף קיין האָר נענטער
נישט געוואָרן,
פּלא פּלאים, דער טורעם וואַקסט, שטאַפּלען צענטויזנטער הויכן
העכער זיך און העכער
און אין דרייסיק טעג און דרייסיק נעכט איך קלעטער ביזן שפּיץ,
ביז צום לעצטן שטאַפּל,
פּלא פּלאים, איך שטיי אויפן העכסטן שטאַפּל און זע: דער הימל
איז אויף קיין האָר נענטער נישט געוואָרן!
דער זעלביקער הימל. בייטאָג קרייזט דורך אים די זעלביקע זון,
ביינאַכט די זעלביקע מזלות און שטערן.
איך קלעטער מיטן טורעם העכער אַלץ און העכער,
און די הימלס טוען נענטער ניט ווערן.

**פּריסטערס:** (פאַרצווייפלט)

פּלא פּלאים... ניט צו באַנעמען ניט צו פאַרשטיין...

כהן גדול:

סאַראַ אויסטערלישע נאַכט אויף דער ערד:
טומאַן, טומאַן און נאָך אַמאָל טומאַנען.
איך שטרעק די הענט און רוף צו גאָט:
ער ענטפערט ניט... נאָר פון אַלע טונקלענישן
שלייכן זיי און שפּאַנען,
געשטאַלטן פון נעפלען געשפּינטע,
זיי האָפּסלען און זינגען:
און די לצים מיצלעך, מיט חזק־גלעקלעך קלינגען,
און פאַרקלינגען מיין געשריי וואָס רופט צו גאָט...
גאָט! גאָט! וווּ ביסטו?

ערשטער פּריסטער:

אַ נאַכט אַזאַ אַ טומאַניקע געדענקט ניט מיין זכרון,
אַלע זאַכן ליגן אין טומאַן ווי אַ בר־מינן אין ארון.

צווייטער:

זעט, זעט, די נעפּל־לצים, האָפּסלען,
און רינגלען האָפּסלענדיק אַ קרייז
אַרום דעם טורעם. און דער טורעם — ס'איז גאָר קיין טורעם —
אַ מטורפער געקרייז.

נעפּל־געשטאַלטן: (קרייזנדיק אַרום טורעם)

אויסגעהאַמערטע פון שטיין,
אויסגעקנאָטענע פון ליים
וווהין זשע קענען טורעמס,
טורעמס דען דערגיין?
ליים געכפלטער מיט ליים,
שטיין געכפלטער מיט שטיין,

בלייבן דען ניט אייביק
ווייטער שטיין און ליים?
און דעם טורעמס בויער־מייסטער,
צי איז ער אין אייגן פלייש און ביין
ניט אָן אייביק איינגעקרייזטער?
קרייזן, קרייזן, קרייזן,
קרייזנדיקע שטאַפּלען.
אין די שוואַרצע קרייזן
הויבט ווער אויף די פּאַקלען.
הויבט ער — זאָל ער הייבן,
נאָר די ווינטן לאַכן:
אַלע קלוגע אויגן
מוזן זיך פאַרמאַכן.

ערשטער פּריסטער:
ווער טוט כּישוף?
נעפּלען שלינגען
איין דעם ישוב.
ניט קיין טאָלן,
ניט קיין בערג,
און דער טורעם,
יורדם ווערק —
רירסט אים אָן —
צערינט ער.
קוקסט אים אָן —
פאַרשווינדט ער.

צווייטער פריסטער:

ווײ צו אונדז, די וועלט גייט אונטער
אין משוגענעם געדריי.

ערשטער חכם:

נעפלען זאָגט איר? אמת, נעפלען זע איך.
נאָר דורך נעפל מיט מײַן פאַקל גיי איך,
און ס׳ווערט ליכטיק אַרום מיר.
אָט אַזוי פאַמעלעך, מיט קאָפּ אין נעפל
דרינג איך, דרינג איך, מיט מײַן שכל
און ריגל אויף די צוגעמאַכטע טיר.
(גלעט די באָרד)
הייסט עס, ראשית דאַרף מען פּרוּוון דרינגען.
הם, וואָס זשע איז פון דרינגעניש געדרונגען?
דער טורעם, זאָגט איר, וואַקסט צעוואַקסט זיך,
שטאַפּלען, שטאַפּלען זיך צו שטאַפּלען.
נאָר וואָס... ער וואַקסט און ווערט ניט העכער,
הם, איז ווו זשע איז דאָ געזעץ פון די סך הכלן,
דער געזעץ מײַן איך, פון איינמאָל איינס:
אַז שטאַפּלען שטאַפּלען זיך צו שטאַפּלען,
דאַרף מען זיך דערשטאַפּלען...
נאָר פון וואַנען, זאָג איך, איז געדרינגען, אַז איינמאָל איינס איז
איינס?
היי, ברידער חכמים, קומט נענטער מיט די פאַקלען.

צווייטער חכם:

אָט זענען מיר.

**דריטער חכם:**

ווו זענען די שטערן־זעערס, די בויערס פון טורעם?
זיי, זיי טראָגן דאָך דאָס אחריות פאַרן טורעם,
זיי האָבן דאָך געפּלאַנעוועט דעם מאַרשרוט פון ליים און שטיין,
וואָס געדאַרפט האָבן לויט זייער שכל ביזקל צו הימלען אַרויפצוגיין,
ווו זענען די שטערן־זעערס, די בוימייסטערס פון טורעם?

**בוימייסטערס:**

דאָ זענען מיר.
דאָ שטייען מיר
מיט וואָגשאָלן אייזערנע און מאָסן.
אויסגעפורעמט, אויסגעגאָסן,
לויט די דינים פון פאַרשטאַנד,
אַלע פאַרוועגען און פאַרוואָסן,
אויפגעריגלט אויפגעשלאָסן
האָט אונדזער שכלדיקע האַנט.
פונעם גאָרנישט, רויעם ליים,
ווילדן האָלץ און טעמפּן שטיין,
האָט אונדזער רצון און געבאָט
באַפוילן טורעמס אויפצושטיין,
באַפוילן טרעפּ אויפצוגיין,
ביז צו הימלען ביז צו גאָט.

**ערשטער חכם:**

באַפוילן האָט איר — דאָס איז וואָר,
און דער טורעם דוכט זיך, אויך אַ טורעם.
נאָר ווי דער כהן גדול האָט מיט אויגן ליכטיקע געזען:

טוט טאַקע דער טורעם העכער און העכער גיין,
נאָר וואָס קומט אַרויס, שטערן זעערס דערפון,
אַז דער הימל ווערט סייווי ניט נענטער,
ניט דער הימל, ניט די שטערן, ניט די זון...

ערשטער שטערן זעער:

אמת, חכמים מיינע, דער כהן גדול האָט אַליין געזען.
נאָר... פרעגן פרעג איך, הייסט עס, פרעגן טו איך פרעגן:
צי קען מען זיך פאַרלאָזן אויפן כהן גדולס אַלטע אויגן?
איר פאַרשטייט? די אויגן זיינע זענען אַלט און אַלט די פּיס,
און עס קען געמאָלט דאָך זיין, אַז פון מידקייט איז ער איינגע־
דרימלט, דער כהן גדול, מיין איך,
איינגעדרימלט, לאָמיר זאָגן, אויף דער דריטער אָדער פערטער
טרעפּ.
און דרימלענדיק געזען אין חלום שטיין זיך אויף שפּיץ פון טורעם...
דרימלענדיק אויף דער דריטער אָדער פערטער טרעפּ.
צי קען מען זיך פאַרלאָזן אויפן אַלטן כהן גדול?

ערשטער פּריסטער:

דו לעסטערסט, דעם כהן גדול לעסטערסטו?

ערשטער שטערן זעער:

איך זאָג וואָס איך טראַכט, איך זאָג דעם אמת!

צווייטער פּריסטער:

דו... ביי דיר אמת?
היי דו, שטערן גלאָצער! גולם!

שטערן זעער:

און דו ווער ביסט? טעמפּל־פּרעפּלער, מזבח־שמירער!

**דריטער פּריסטער:**

זע נאָר ווער עס רעדט פון אמת?

די ליים און ציגל-קנייטער!

(זיי נעמען זיך שלאָגן)

**ערשטער חכם:**

פאַרן אמת... פאַרן אמת...

איטלעכער, ווייזט אויס, האָט זיך עס זיין אמת,

זיין איינאונאיינציקן אמתדיקן אמת.

און ער טראָגט אים אין בוזעם-קעשענע ביי זיך

ווי מען טראָגט אַ פּושקעלע מיט טאַבעק

און ווען מען דאַרף, נעמט ער אַרויס און טוט אַ שמעק.

**נעפּלען געשטאַלטן:** (דרייען זיך אין אַ קרייז אַרום די חכמים מיט די פאַקלען)

קרייזן, קרייזן,
איילִיק, איילִיק,
דולער קאַראַהאַד.
ווילִיק, ווילִיק,
צי ניט ווילִיק,
אַלע, אַלע אונטערטעניק,
קרייזן אינעם ראָד.
האָפּיי, האָפּיי,
האָפּיי האָפּ.
ניט קיין אָנהייב,
ניט קיין סוף.
גאָרנישט נאָענט,
גאָרנישט ווייט,

## נפילים

איינס אין צווייטן
איינגעדרייט.
טויט און לעבן,
לעבן טויט,
אויפן סתם־ראָד
פון דער צייט.
האָפּיי, האָפּ.
האָפּיי האָפּ.
רעדער, רעדער
אין גאַלאָפּ.
הין און קריק,
הין און קריק.
טאַנצט אַן ארון לעבן וויג,
און אַ מלך אויפן טראָן —
לעבן לעקיש
אויף אַ ציג.
גאָרנישט קליין,
גאָרנישט גרויס,
קרייזט די זון
און ס'קרייזט די מויז,
קרייזן רעדער,
רעדער, רעדער,
איינגערעדערט,
איינגעגדרט,
איינגעסדרט,
אין טומאן.

ערשטער חכם:

סתם אַזוי? גלאַט אַזוי?
אָן אַ זין און אָן אַ מיין?

צווייטער חכם:

זע, אונדזערע פאַקלען לעשן זיך,
הייבן אָן פאַרגיין.

דריטער חכם:

אָן די פאַקלען אין דער נאַכט
וווהין וועלן מיר דערשפאַנען?

פערטער חכם:

זע, זע, די פריסטערס און די שטערן זעער
קלעטערן אין טומאַנען.

פינפטער חכם:

ניט זיי קלעטערן — איינגעקנוילטע
אין אַ קנויל פון הענט און פיס און גלידער,
פאַרקלאַסטערטע מיט בלוט און ערד.
זע, מיט האַק און שפּיז און שווערד
גייען ברידער קעגן ברידער.

צווייטער חכם:

מחנות שטערן זעער
אַנטקעגן פריסטער מחנות,
אין זייערע הענט בליצן העק.
און אויף זייערע לעפצן שווימען קללות.

פערטער חכם:

חרב מאַכן זיי די וועלט. זע, סע וואַקלט זיך דער טורעם.

פינפטער חכם:

וואָס זשע שווייגט מען? שלאָגט טרעוואָגע,
זאָל קומען יורד מיט די שררים!
(מען נעמט שלאָגן אין די גאָנגס)

(דער געפּילדער און געראַנגל צעוואַקסט זיך. עס פאַרווישט זיך די גרענעץ צווישן נעפּל־געשטאַלטן און דער וואָר. אַלץ באַוועגט זיך זיי אין אַ מטורפן קאַראַהאָד)

אַ זקן: (פון פאָלק)

וואָס זעען מיינע אַלטע אויגן?
איז דאָס דער טורעם, דעם גרויסן מלך יורדס טורעם?
הם... עפּעס זע איך, זע, און זע ניט...
עפּעס זע איך און פאַרשטיי ניט:
ס'איז אי יאָ אי ניין.

צווייטער חכם:

וואָס ווייסט דער פּראָסטער מאַן, וואָס קענען מיר פאַרשטיין?
דעם מלכס שטערן־זעער ווייסן, זעט, זיי טוען דאָרטן שטיין.

דריטער חכם:

ניט זיי שטייען, ניט זיי גייען,
מיט די פאַקלען זיי דרייען זיך און דרייען,
ווי זיי וואָלטן פאַרבלאָנדזשעט אין זאַווייען,
צווישן שטורעמדיקע שנייען.

ערשטער חכם:

אַז דעם מלכס שטערן־זעער בלינדע גייען,
וואָס זשע טאָן שוין זאָל דער פּראָסטער מאַן?
זעט, זעט, דער טורעם יורדס נעמט זיך דרייען,
דרייען, דרייען און פאַרדרייט זיך אין טומאַן.

אַ קליין הויקערל: (פון פאָלק)

זאָל ער פאַלן, אַ דאגה האָב איך, איך שמעק מיר מיין טאַביקע און נים מיר
האָפּטשע, צו געזונד מיר, אַ דאגה האָב איך מיטן מלך יורדם טורעם, האָפּטשע!
(יורד קומט צו רייטן מיט די שררים זיינע. דאָס פאָלק טוט זיך אַ וויג אויף צוריק)

יורד: (שטייט אַ ווײַלע פאַרלוירן... שטאַרקט זיך)
ווער איז אויפגעשטאַנען קעגן מלך יורד? ווער האָט אָנגעצונדן די מרידה?

ערשטער חכם:

גרויסער מלך! קיינער איז ניט אויפגעשטאַנען קעגן דיר!
פּלוצים, פּלוצים אומגעריכט.
ווי סע וואָלט אַ האַנט אַ געהיימע פון אַ כישוף־מאַכער,
אַ בלענד געטאָן מיט כישוף־ליכט
און פאַרפּלאָנטערט אַזאַ מין פּלאָנטער, אַזאַ מין נעץ פון נעפּלדיקע שפּינען.
גרויסער יורד, די פּריסטערס און שטערן־זעערס, דיינע,
פּלוצים אַראָפּ זענען פון זינען.
און דער טורעם, דיין טורעם אַליין,
עפּעס איז ער יאָ און עפּעס איז ער ניין...
טומאַנען, טומאַנען, מען קען קיין טאָלק דאָ ניט דערגיין.

יורד:

ווער רעדט אַזוי צו מיר? פאַרנעם איך דעם לשון פון חכמים?
צי קינדער פּלאַפּלען אומזיניקע רייד?

**צווייטער חכם:**

גרויסער יורד! אין אַ נאַכט אַזאַ פון טומאַנען,
ווייסן אפילו חכמים אויך ניט קיין באַשייד.
אַזאַ מישעניש, פאַרמישעניש
איינס אין צווייטן איינגעדרייט,
צי קענען אונדזערע פאַקלען באַלייכטן אַזאַ נאַכט?

**יורד:**

אויב זיי קענען ניט באַלייכטן,
טאָ פאַרלעשט זשע זיי, די פאַקלען.
אמתדיק ליכט פאַרכט זיך ניט פאַר נאַכט,
דער וואָרער קלעטערער וועט קיינמאָל זיך ניט וואַקלען
צו דערקלעטערן אַהין וווּ זיין רצון האָט פאַרטראַכט.
(דערזעט דעם כהן גדול זיך אַרויספּלאָנטערן פון נעפּל)
וואָס פּלאָנטערסטו זיך כהן גדול? היי, הייב די פיס דיינע און טו אַ קלעטער!

**כהן גדול:**

צי הערט ניט דער מלך יורד,
הערט ער ניט ווי עס לאַכן די געטער?
פון מלך יורד לאַכן זיי.
פון מלך יורד שפּעטן זיי,
אַהאַ, מלך, וווהין קענסטו דען דערגיין?

**נעפּל־געשטאַלטן:** (קרייזנדיק אויפן טורעם)

אויסגעהאַמערטע פון שטיין,
אויסגעקנאָטענע פון ליים,
וווהין קענען טורעמס,
יורדס טורעמס דען דערגיין?

און יורד, ער אַליין,
דעם טורעמס בויער מייסטער,
צי איז ער אין אייגן פלייש און ביין
ניט אַן אייביק איינגעקרייזטער?

**יורד:**

וואָס שטייט איר מיינע שררים —
מיט די שווערדן לאָזט אייך
קעגן די מורדים אויפן טורעם!

(שררים לאָזן זיך מיט נאַקעטע שווערדן אַנטקעגן די נעפלגעשטאַלטן)

**כהן גדול:**

קעגן וועמען, מלך? צי זעט ניט יורד אין דער נאַכט
לצים האָפּסלענדיקע שפּרינגען?
און די גלעקער אויף זייערע לצים־מיצן קלינגען?
קעגן וועמען, מלך? קעגן חוזק וואָס לאַכט פון דיר אין דיר אַליין?
קעגן וועמען, מלך? קעגן דיין אייגן פלייש און ביין?
קעגן וועמען, מלך? קעגן אייגן גורל ווילסטו גיין?

**יורד:**

ווער רעדט פון דיר, כהן גדול? וואָרהאַפטיק, נפיל, דיין איידעם נפיל, רעדט פון דיר,

פאַרן עלטסטן איבער אַלע קרוליקעס געזעצט האָב איך נפילן און ער... ער אויפגעשטאַנען איז,

טויזנטגעשטאַלטיק אויפגעשטאַנען: פון די חכמים מיינע רופט ער, נפיל,

פון די פּריסטערס, רופט ער, פון די נעפלען רופט ער, פון דעם טורעם רופט ער.

אַהאַ, צי וועט יורד דען ניט קענען די לעפצן אים פאַרשליסן ?
וועט יורד דען ניט קענען שטום דיך מאַכן, נפיל ?
(צו די אַנדערע שררים)
און איר געשווינט צו מיינע שטאַלן רייט און דעם עלטסטן איבער
מיינע קרוליקעס, נפילן,
אין קייטן פענטעט אים, און ברענגט אים פאַר מיין אַנגעזיכט.
משפטן וויל איך נפילן, משפטן וויל דער מלך !
(שררים אָפּ)
יורד :
צום משפט זעצט זיך יורד, צו משפט שטייט אויף דער מלך !
און וועט דער טורעם מיינער דאַרפן קעפ צענטויזנט פאַר אַ קרבן—
איך וועל דערלאַנגען אים די קעפ !
— און וועט נייטיק זיין דאָס פאָלק דאָס גאַנצע
פון זיין פלייש און ביין, וועל איך בויען מיר די טרעפ
צום טורעם !
כהן גדול :
זע, דער טורעם ברעכט צונויף, דער טורעם !
יורד :
מיט מיינע אויסגעשפרייטע הענט איך וועל אים האַלטן !
זע, די הענט מיינע מאַכטיקער זענען פון געטער־אָרעמס.
אַהאַ, וואָס לאַכט די זון... און די בערג וואָס לאַכן ?
וואָס לאַכן דונער, בליץ און שטורעם ?
אַנטקעגן אַלע וועט זיך יורד שטעלן : בערג צעקרישלען וועל איך,
די זון דורכשטעכן מיט מיין שפּיז,
די ווינטן ביי די שויבערס פאַנגען און פאַרריגלען
זיי אין שטייגן !

די הימלען לאַכן? מיט מיינע פאַקלען איך וועל צעצינדן זיי ווי פאַפּירוסן.
וואָס גלאָצט דער כהן גדול? וואָס גאַפן אַזוי די פּריסטערס אויפן מלך?

ניט מיינט אַז חסר דעה איז דער גרויסער יורד!
וואָרהאַפטיק, הערט: יורד איז ביים קלאָרן זינען!
אַהאַ, ווער קלעטערט צווישן טויזנט ברענענדיקע שפּינען?
אַהאַ, יורד קען די קונץ פון נעץ, ער וועט ניט לאָזן זיך פאַרשפּינען
אין דער פלאַקערדיקער נעץ פון געטער.
זעט, יורד שטייגט אין מלחמה איינער קעגן אַלע,
איינער קעגן אַלע שטייגט אין זיין געקלעטער!!!
(לאָזט זיך צום טורעם מיט אַ משוגענעם געלעכטער)
אַהאַ, יורד — גאָט שטייגט! מאַכט אַ וואַרע!

פאָרהאַנג

## פינפט בילד

(אַ לאַנקע צווישן שטאָלן. נפיל שפּרייזט אַרום צווישן קרוליקעס, דערלאַנגט זיי גראָז, שמייכלט צו זיי, נייגט זיך און צערטלט זייערע פעלן. זהרה קומט אָן מיט לוגלען וואַסער, שטעלט זיי אַוועק און אָטעמט אָפּ שווער)

**נפיל:**

זעסט אוים מיד אַזוי, זהרה.

**זהרה:**

גאַנצע טעג די לוגלען הין און קריק.
און באַרגיק איז דער וועג.
אַ סך מאָל דוכט: אַ קעמל בין איך
וואָס שלעפּט זיך דורך דער מדבר פון די טעג.
און ס'איז קיין סוף ניטאָ צו דער וויסטעניש.

**נפיל:**

אַזויפיל ווייסע שטילעניש.
רוט אויף די פּעלעכלעך פון די קרוליקעס.
דער בלויער ווינט קומט שלאָפן דאָ,
און דאָס קלוגע גאָלד פון זון — רוען אין זייערע פליושן.
און מיר איז גוט צו זיין דער היטער זייערער,
דער קאָרמער זייערער. די גראָזן בעטן זיך:
טראָג אונדז צו די גוטינקע!

דאָס וואַסער קוועלט צו מיר: טרינק אָן מיט מיר זייער
דאָרשטקייט
און די טעג מיינע צייטיקן ווי גערטענער מיט ליבשאַפט און שירה.
דער מלך יורד האָט געזועצט מיך צו זיין דער פאַסטוך פון זיינע
קרוליקעס.
איך ווייס: כדי צו שפּעטן פון מיר, נפילן, האָט ער אויסגעקליבן
דאָס האַנטווערק פאַר מיר.
נאָר וואָרהאַפטיק, איך האָב ליב דאָס דאָזיקע האַנטווערק, און די
באַשעפענישן וואָס איך דאַרף באַדינען.
ס'איז יום טוב מיר. און דיר, דיר זהרה איז עס אַ וויסטעניש?
**זהרה:**
אָפּגעזונדערט פון דער וועלט צווישן קרוליקעס און קוועלעכלעך,
ווי אַזוי קען אַ מענטש דען לעבן? און פון יענער זייט געבערג
טראָגט זיך דאָס געזאַנג פון קלעטערער און בויער.
אונדזער שבט איז צו גרויסקייט אויפגעשטאַנען. און דער טורעם
יורדס
ביז צו הימלען וועט דערגרייכן. און מיר? מיר לעבן דאָס לעבן
פון דרימלענדיקע חיות, שלאָפנדיקע גראָזן און שטומען שטיין.
און געגליכן זענען אונדזערע טעג צו שיפן אין ים
ווען קיין ווינט איז ניט דאָ און די זעגלען הענגען
ווי טויטע פליגל וואָס וועלן שוין קיינמאָל מער ניט פליען...
**נפיל:**
די רייד דיינע, זהרה, פאַרשעמען מיך און טוען וויי.
און איך טו אויפשטיין, נענען צו דיר און טו אַזוי צו זאָגן:
אַליין דו ביסט דיין האַר, זהרה, און פריי איז דיר
דער אויסקלויב. שטיי אויף און גיי וווהין עס רופט דיין האַרץ דיך.

ביסט ניט קיין בוים און איך בין ניט קיין ערד
וואָס פאַרהאַלט די וואָרצלען דיינע.

**זהרה:**

צי קען איך אויפשטיין, גיין און לאָזן דיך אַליין אין דיין איינזאַמקייט,
מיט קרוליקעס, גראָזן און קוועלעכלעך?
צי בין איך ניט דיין ווייב וואָס דאַרף דיין גורל העלפן טראָגן?

**נפיל:**

מיין גורל איך האָב אַליין אויסגעקליבן מיר דורך די מעשים מיינע,
און העלפן טראָגן אים דאַרף מיר קיינער ניט.
און מערער נאָך: צי טראָגט אַ מענטש דען זיינע אויגן, אויערן און הענט?
זיי זענען ער אַליין, זיין צער און פרייד און זיין באַשערטקייט.

**זהרה:**

עס ווייגט דאָס האַרץ פון רחמנות צו דיין באַשערטן גורל.
צי דען אויף אייביק, אייביק פאַרמשפט ביסט אין דער זייט פון אַלע געשעענישן צו לעבן?
איז קיין צוריקוועג פאַר דיר מערער ניט פאַראַן?
דיין ברודער יורד פון שטאַפּל צו שטאַפּל קלעטערט צו די געטער.
און דו?
דו וועסט ענדיקן דיינע טעג צווישן קרוליקעס?

**נפיל:**

איך האָב די טעג מיינע ניט אָנגעהויבן און וועל במילא זיי ניט ענדיקן.
און מערער נאָך: איך וויים ניט צו וואָס און וווהין די טעג פון מענטשן גייען.

נאָר ווייסן ווייס איך: דורך יורדס טורעם קלעטערט מען ניט
צו גאָט.

און אַז ס'איז זכיה אין די טעג פון יורדס טורעם צו לעבן
אָפּגעזונדערט צווישן קרוליקעס.

**זהרה:**

צי רעדט ניט גאווה פון די ווערטער דיינע, נפיל?

**נפיל:**

צי איז דען גאווהדיק דאָס גראָז וואָס וואַקסט אַליין אין שטילעניש,
צי איז שטאָלץ דער קרוליק וואָס טראָגט די ווייסקייט זיינע דורכן
גראָז?
דאָס גראָז איז גראָז און דער קרוליק — קרוליק. און איך בין איך.

**זהרה:**

איך פלעג דיך זען אַמאָל: אַ שטילער בלאָער הימל ביסט געווען,
נפיל.

און מיר איז גוט געווען צו זיין אַ שטערנדל אין דיר...
איצט שרפהט ווילדע גאַרעניש אין מיר,
און ווי ברענענדיקע הירשן אין אַ פלאַקערדיק וואַלד,
רייסן אַלע אברים מיינע זיך פון דאַנען.
און ס'גייט אויף יורד דאָן פאַר מיר. אויף זיין טורעם זע איך
שטיין אים
און אין זיין אָרעם ראַנגלען ווינטן זיך און ימים.
און זיין וויל איך אַ ווינט אין זיין אויסגעשטרעקטער האַנט.

**נפיל:**

איך וועל ניט פרווון פאַרהאַלטן דאָ דעם ווינט.

זהרה:

זיי מוחל, נפיל, זע, נאַקעט אין מיין אמת שטיי איך דאָ פאַר דיר,
אָפּגעדעקט ווי בוים אין שטורעם.

נפיל:

אַ דאַנק דיר, שוועסטער.

זהרה:

אַזאַ קאַלטקייט ווייעט פון דיר.

נפיל:

פאַראַן אַ צייט אויך פאַרן ווינטער,
פאַר קלוגן פראָסט און גוטן שניי.

זהרה:

זיי מוחל, נפיל, ס'איז צייט. איך גיי...
(לאָזט זיך גיין)

נפיל:

גוט אַזוי:
די זאַכן גייען וווהין זיי דאַרפן גיין...
דורך אַלע פינצטערנישן עס פירט דיין האַנט זיי, האַר.
און גוט איז מיר ביים זייט פון אַלעמען צו שטיין,
און מיין איינזאַמקייט איז זכיה מיר אין שכר.
(פּויזע)

וואָרעם וואָס איז געגעבן דען צו טאָן דעם איינציקן אין אַ דור פון
שווערד און גאווה?
וואָס קען דער איינציקער דען מערער טאָן ווי אָפּשיידן זיך פון אַלץ.
נאָר העלף מיר, האַר, שטראָף מיך ניט מיט שטאָלץ.
זע, ווי אייגן פלייש אויסגעשניטן איך האָב פון זיך די תאווה:
ניין, זהרה געווען איז מער פאַר מיר ווי אייגן פלייש אוןביין,

ניגון איז זי געווען, ניגון פון מיין ניגון.
זיי מוחל, האַר, אויב מיינע אויגן גיסן אָן זיך מיט געוויין —
אַ קינד בין איך וואָס דאַרף מען זאָל עס וויגן.
(קניט אַראָפּ)
אַליין איך קני דאָ אויף דיין שטילער ערד,
ווי געווען איך וואָלט דער איינציקער בן־אדם.
און אפשר איז יעדער מענטש דער ערשטער אויף דער וועלט,
און אפשר ליים נאָר, וואָס דאַרף ערשט ווערן אדם?
ס'האָט נאָך קיינער פאַר מיר ניט געטראָטן אויף דיין ערד,
דאָס גאַנצע אחריות פאַר דער וועלט ליגט אויף מיינע פּלייצעס.
וואָרהאַפטיק, איך הויב דאָס לעבן פון בן־אדם אָן אויפסניי,
און ס'איז מיין טאָג היינט — דער ערשטער פון בראשית.
(הייבט זיך אויף, קוקט זיך אַרום)
אָ האַר, מיינע אויגן עפענען זיך אַנטקעגן וווּנדער פון געשען,
מיינע פינגער געגענען צום תוך פון די זאַכן.
אַ דאַנק דיר פאַרן קרוליקס רויטע אויגן אָנגעגאָסענע מיט חן.
אַ דאַנק פאַרן האָפּסערל אין די גרינע גוטע מאַכן.
אַזויפיל ליבע שכנים רונדאַרום.
צי קען איך זאָגן: איך בין אַליין דאָ?
אַ גוטמאָרגן דיר גוטע קלוגע זון,
זע, ס'איז מיין היים דאָ.
מיט מערישקעס איך וווין, מיט פלאַטערלעך און בינען.
מיט גראָז און בוימער, מיט קוועלעכלעך וואָס רינען
פון געבערג, מיט כמאַרעס וואָס אין הויכן שווימען,
און מיט אַזויפיל ליבע זאַכן, פאַר וועלכע איך האָב נאָך ניט קיין נאָמען.

(בלייבט שטיין פֿאַרגאַפֿט אַנטקעגן דער ליכטיקייט, וואָס נעמט אָן צורה: ליכטגעשטאַלטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט פֿלאַטערן איבערן געבערג מיט דימענטענע פֿידלען)

**נפיל:** (פֿאַרשטעלט די אויגן)

אַזויפֿיל אַנטפּלעקונג און אויף איינמאָל,
וואָרהאַפֿטיק צו פֿיל נס פֿאַר די אויגן פֿון בן־אדם,
אַלע שלייערן אָפּגעדעקט האָסטו פֿון באַשאַף,
איצט שטייט ער נאַקעט אין אורגעשטאַלט פֿון קודם.

(וואָלקן־באַרג־און בוים־געשטאַלטן נעמען שוועבן אַרום נפֿילן)

**ערשטע געשטאַלט:**

גראָבט, דערגראָבט,
שיכט נאָך שיכט,
אין די טיפֿן ניגונט ליכט,
וואָלקן, באַרג,
בוים און מאָך,
וויגט אַריין זיך
אינעם תוך!
שיילט אַראָפּ ערד־געהיל,
טעות־שיין,
טעות־שפּיל!

**צווייטע געשטאַלט:**

ווער מיר זענען?
קיינער ניט!
קיינער ניט
און יעדערער.
ניט פֿון דאָ,

ניט פון דאָרט
קומען מיר פון ערגעץ נישט,
פון ערגעץ נישט
צו קיינעם נישט,
און דאָך פון אומעטום
צו יעדערן!
ריר אונדז אָן —
צערינען מיר,
קוק אונדז אָן —
צעפליסן מיר!
טרוים און שוים
און דאָך — מיר זענען אייביק!
דריטע געשטאַלט:
מיר זענען נישט דער פויגל,
נאָר זיין פלי,
מיר זענען נישט דער גאָרטן,
נאָר זיין בלי,
נישט דער פידל,
נאָר זיין ניגון,
נישט דאָס וויגל,
נאָר דאָס וויגן!
אַלע:
קוואַליק, קוואַליק, קוואַליק קוואַל!
אַלע שטראַלן — איין געשטראַל!
אַלע צרות — איין געזיכט! גאַלע ניגון! גאַלע ליכט!
(קאַרליקעס קומען אָן)

ערשטער קאַרליק:

נפיל שלאָפט?
זאָל ער שלאָפן.
טיר און טויער
זענען אָפן
פאַרן חלומדיקן מאַן.

צווייטער קאַרליק:

אויפן גרונט פון ים,
אין די מושלען פערל וואַרטן.
אויף וועמען וואַרטן פערל, וואַרטן,
אין די מושלען אויפן גרונט פון ים?

דריטער קאַרליק:

זעט, אַזויפיל שטילקייט
אַרום שלאָפנדיקן מאַן.
אַזויפיל ראָזע פעלדיקע שטילקייט.
אַזוי שלאָפט אַ יונגע פרוכט
ערב פרילינג צווישן בלעטער
און אין שלאָפן,
די לעפצן שמייכלענדיקע אָפן,
זייגן די זאַפטן פאַרן שפּעטער.

ערשטער קאַרליק: (קוקט אין דער ווייט אַריין)

זעט נאָר, זעט, אין זונגעבלענד,
יורדם שררים רייטן,
אין די אויסגעשטרעקטע הענט —

קייטן, קייטן, קייטן.
פּענטען קומען זיי דעם חלומדיקן מאַן
און ברענגען אים פאַר יורדם ריכטער־שטול, צום משפּט!
(יורדם רייטער רייטן אַריין)

פאַרהאַנג

## זעקסט בילד

(אין געבערג. אויפן אָרט פון טורעם פינצטערן ריזיקע חורבות און איבער זיי אַ רויטע דערשראָקענע לבנה ווי דאָס פּנים פון אַ מטורף. מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום הימל קלעטערט יורד איבער די הורבות, פאַלט, הייבט זיך אויף, פאַלט ווידער... פון דער פינצטערניש טראָגט זיך אַ פאַרשטיקט געקלאָג)

יורד:

איז דאָס דער סוף פון קלעטער? איז דאָס דער קץ?
אהאַ, גאָטס רייטוואָגן האָט פאַרלוירן די רעדער אין שטורעם.
און יורד מלך, יורד לץ
האָט דעם לעצטן בן־אדם אויפגעהאַנגען אויף די חורבות פון זיין טורעם...
איז דאָס דער סוף פון יורדס ראַנגלען זיך מיט דער וועלט און גאָט?
תליות און חורבות. תליות און חורבות. צוויי געבליבן נאָך,
ניט מער ווי צוויי:
גאָט און יורד. יורד און גאָט.
אהאַ, וואָס וועלן טאָן די גרויסע שפּילערס אין דער וועלט דער חרובער?
מיט וועמען וועלן זיי שפּילן, אַז דער בן־אדם, דאָס טעקעלע אין שפּיל

איז מער ניטאָ? מיט וועמען וועלן זיי שפּילן די גרויסע שפּילער?
וואָס וועלן טאָן יורד און גאָט אין דער וויסטער אַליינקייט?

(שרייט)

גאָט, גאָט, באַהאַלטסט זיך?
צי דאַרפסטו ניט יורדן פונקט ווי יורד דאַרף דיך?
האָסט דען עמעצן אין דער וועלט חוץ מיר?
יעדער פון אונדז ליגט באַהאַלטן אין זיין ווייַ דעם אייגענעם.
יעדער שרייט פאַר זיך דאָס געשריי פון אַליינקייט.
און קיינער, קיינער וועט ניט ענטפערן.
האַהאַ, וואָס טוט מען מיט דער גוואַלדאָוונע שוויגעניש וואָס הויערט צווישן יורדן און גאָט?..

(פויזע)

איך האָב געטראַכט.
ווער שפּאַנט אין דער גרויסער פינצטערניש?
ווער קומט צום סוף פון שפּיל?
קול:
נפיל.
יורד:
נפיל פון דער תליה?
נפיל:
יאָ, נפיל פון דער תליה.
יורד:
אַזויפיל רו אין דיר, אַזויפיל ווייסע שטילעניש
אין דער שטים אין דיינער. און די אויגן שמייכלען

ווי ביי קינדער אינעם חלום.ביים משפּט ביסט געשטאַנען אָט אַזוי.
און איצט שטייסטו אָט אַזוי אַ געקומענער פון תליה...

**נפיל:**

איך וועל מיסתּם בלייבן אייביק שוין אַזוינער.

**יורד:**

צי פאַרנעמסטו ניט געיאָמער פון די חורבות אַרום דיר?
זע, גאָטס רייטוואָגן האָט די רעדער פאַרלוירן אין שטורעם,
און איך, יורד... איך האָב דעם לעצטן בן־אדם אויפגעהאַנגען
אויף די חורבות פון מיין טורעם.
אויב יורדס טורעם איז קיין טורעם, זאָל די וועלט
קיין וועלט ניט זיין.

הערסט: זאָל די וועלט קיין וועלט ניט זיין!

(דערשראָקן)

אָ, זאָל ניט מיינען נפיל, אַז דער מלך יורד אַראָפּ איז פונעם זינען.
די לבנה אפשר. די שטערן אפשר. די הימלען אפשר.
נאָר יורד און גאָט זענען קלאָר ביים זינען.
הערסט: גאָט און יורד זענען קלאָר ביים זינען.

(פויזע)

וואָס קוקט אַזוי נפיל אויף מיר מיט זיינע אַפּלען?
אייביק, אייביק קוקט נפיל אַזוי מיט זיינע אַפּלען!
מיט דער קרוין ביסטו אַזוי געגאַנגען. און שפּעטער ווען איך האָב
זי צוגענומען,
ביסט מיט די קרוליקעס אַזוי געגאַנגען. און שפּעטער מיט די קייטן
צו דעם משפּט;
און שפּעטער צו דער תליה ביסט אַזוי געגאַנגען.

און איצט שפּאַנסטו פון דער תּליה — דער זעלבער קוק אין דיינע אַפּלען.

הערך, איך זאָג דיר: נעם צו די אויגן דיינע, נפיל...

(כאַפּט אַרוים די שווערד)

**נפיל:**

מיינע אויגן זענען גרייט:

שטעך אוים צום צווייטן מאָל זיי, יורד.

**יורד:**

איך וועל שטעכן. נאָר במילא, זיי וועלן ווייטער קוקן אָט אַזוי.
פון אַלע פינצטערנישן קוקט מען אויף יורדן. פון אַלע תּליות
קוקט מען, פון אַלע שייטערס.

זאָג: פאַרוואָס קומט אַזויפיל שטראָף? צי האָב איך דען
געזינדיקט?

צי דאַרף דען זיין אַ זינד די גאַרעניש פון מענטשן נאָך געקלעטער?

צי איז זינד דען דער פאַרמעסט צווישן בן־אדם מיט די געטער?

צי איז גאָט גערעכט אין שטראָף אין זיינער?

(לאַכט)

נאָר, צי דאַרף דען גאָט גערעכט זיין? אַלמעכטיקייט איז סיווי
יושר.

אויך איך דורך מאַכט האָב געוואָלט ווערן אַ גערעכטער.

און זינד, מיין זינד איז בלויז די זינד פון שוואַכקייט:

וואָלט מיין טורעם יאָ זיין שפּיץ דערגרייכט צו הימלען,

וואָלטן אַלע פעלקער מיר געיובלט,

אַלע זייערע קרוינען געבראַכט צו מיינע פיס,

און געווען איך וואָלט ניט בלויז דער מלך איבער אַלעמען,

נאָר אויך דער ריכטער, און צו מיין משפט אַלע גערעכטע
וואָלטן די קעפּ גענויגט מיט לויב געזאַנג.
ווער וואָלט געציילט דען דאַן די הונדערטטויזנטער וואָס געהאָנגען
איך האָב. די צענערטויזנטער פאַרברענטע אויף שייטערס,
געקעפּטע דורך מיין שווערד און האַק.
(פּלוצעם)
זע, נפיל, זע ווי זי קוקט פון דער תליה, זע...
זי הייבט דעם קאָפּ, אירע צעפּ ציטערן אין ווינט,
זע די אויגן אירע, דער זעלבער קוק. צו דער תליה אַזוי איז זי
געגאַנגען.

אַזויפיל שטוינונג און געבעט...

**נפיל:** (אויפשרייענדיק)

זהרה!

**יורד:**

נפיל שרייט, נפיל קען אויך שרייען?

**נפיל:**

זהרה? זהרה אויף דער תליה?

**יורד:**

ווער פון נפילן ווייס עס בעסער
אַז פאַרדינט די תליה האָט זהרה? צי האָט ניט נפיל
זי געשיקט, פאַרשטעלט אין שלייער פון אַ קעפּסווייב, צו מלך
יורדס בעט?

אַ מרגל גלייך צום בעט פון מלך...
כי־כי־כי, צי מיינט דען נפיל
אַז יורדן פאַרנאַרן קען די די לאַסקע פון אַ ווייב?
דאָס פאַלשע ליבע־פייער אין אירע אויגן?

וואָרהאַפּטיק, ס׳האָט מיין בלוט געשרפהט מיט פאַרלאַנג צו
פראַכט צו אירער.
נאָר יורד אכזר איז אויך אכזר קעגן זיך אַליין —
אַנשטאָט צום בעט, געפירט איך האָב זי צו דער תליה.
(שרייט)
פאַרוואָס זענען אַלע אויפגעשטאַנען קעגן יורדן? אַלע, אַלע,
גאָט און מענטש, אפילו טויטער חומר, ליים און שטיין און אייזן.
אַלע מזלות, זון און שטערן, אַ גאַנצע וועלט
מיט מטורפדיקע קרייזן
און אין מיטן יורד איינער אַליין,
ווי אין ווילדע שלאַנגען, איינגעקרייזט אין קרייזן.
קרייזן, קרייזן, אַ גאַנצע וועלט מיט מטורפדיקע קרייזן.
(נעמט אַרומלויפן)
נעמט אַוועק, נעמט אַוועק פון מיר די קרייזן.
צי קען קיינער ניט אַרויס דען פון די קרייזן?
(די חורבות און תליות נעמען שווינדלען אַרום אים אין אַ ווילדן
קאַראַהאַד)
**יורד:**
ראַטעווע! ראַטעווע, ברודער נפיל!
(ער וואַרפט זיך אין געפעכט מיט דער פינצטערניש, וואָס נעמט אָן
די פאָרעם פון אַן אומענדלעכער חיה)
ראַטעווע, נפיל! ראַטעווע! (פאַלט, שרייענדיק, אין תהום)
**נפיל:** (מיט צאַרטקייט)
יורד, ברודער!
(ער בלייבט שטיין מיט פאַריסענע אויגן צו די הימלען וועלכע נעמען
זיך אויסלייטערן. די שטערן פינקלען אויף, צעוואַקסן זיך ווי דימענ-

טענע פידלען און לאָזן זיך אַראָפּ צו דער ערד)

**נפיל:**

יאָרטוויזנטער? און אפשר בלויז אַ רגע? וואָרהאַפּטיק,

אקאָרשט מיט יורדן אין טאַטנס גאָרטן צווישן קוואַלן אַרומ־
געפלויגן.

און אַ רגע, אַ רגע בלויז פון גאָרטן פאַרבלאָנדזשעט.

אָ פאָטער, האַר, ווי לאַנג ס׳קען אויסציען זיך אַ רגע,

אַ רגעלע ערד, אַ רגעלע בן־אדם, אַ רגע טעות.

(הייבט אויף די אויגן)

אַהאַ, אַ דאַנק פאַר זכיה צו קענען אומקערן זיך אַהיים.

(רופט)

יורד ברודער! יורד קום אַהיים!

**קול:**

זאָל יורד בלייבן באַהאָפטן מיט ליים.

אין פינצטערניש פון תהום באַהאָפטן מיטן ליים...

**נפיל:**

אָ, פאָטער האַר, צי ביסטו אויך ניט יורדס פאָטער?

דערבאַרעם זיך, צי אַרויס אים פונעם ליים.

**קול:**

קען זיין, אַמאָל איך וועל צום ליים גענענען

און נאָך אַמאָל פּרוּוון אין אים אַ מענטש באַשאַפן.

דערווייל דאַרף יורד אין ליים פאַרבלייבן, ליים פון ליים.

ניט געקומען נאָך די שעה פון נאָך אַמאָל באַשאַפן,

ניט געקומען נאָך די צייט פון צווייטן מאָל צו פּרוּוון.

פאַרבלייבן זאָל דאָס ליים נאָך ליים.

(מילד)

נעם אָן דעם גזר, אַ נפיל, און קום אַליין אהיים.

**נפיל:**

דער גזר איז שווער, נאָר איך וועל פּרווון טראָגן,
ווי געפּרווט איך האָב דעם גזר פון אדם-זיין
צו טראָגן און דערטראָגן.

(בייגט זיך צום תהום)

זיי מוחל ברודער יורד פאַר דער זינד פון אָפּזונדערן פון זינד זיך.
פאַר לאָזן דיך אַליין אין זינדיקייט אין דיינער.
צי האָב איך געקאָנט אַנדערש ווי טראָגן מיין באַשערטקייט,
ווי דו דיינע האָסט געטראָגן?
זע, די ליבשאַפט מיינע ווי ראָסע טריפט אַראָפּ צו דיר אין ליים:
זיי מוחל יורד ברודער, וואָס איך גיי דערווייל אַליין אהיים.

(פאַרהאַנג)

## אין פארלאג י. ל. פרץ זענען ביז היינט דערשינען פאלגנדיקע ביכער:

### אין יידיש

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (2 בענד) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַדט) | דאָס ערשטע און דאָס צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| יצחק לעוו | אין גערוּאַנגל — געקליבענע שריפטן |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (2 בענד) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דראָזדאָוו | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם |
| י. צ. שאַרגעל | פון וויי און גלויבן |
| ד. זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (2 בענד) |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| יחיאל האָפער | ר' זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |

| | |
|---|---|
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| ב. וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער |
| ד״ר חיים שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| מ. ווייסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פּ. גאָרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראָנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| א. שמרי | די פונקען פון תיקון |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס |
| אירגון יוצאי באָרשטשיוו | ספר באָרשטשיוו |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| ל. אָליצקי | מיין האַרץ־רייזע |
| נ. דראָזדאָוו | די יידן אין איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־סטן געבוירנטאָג |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (2 בענד) |
| י. גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ב. עפּשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| ש. פּאָלאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |
| יוסף ראָטענבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |

| | |
|---|---|
| מרים ריינעס־מלצר | צום קוואַל |
| ד״ר חיים שאָשקעס | פון מאָסקווע ביז עבר־הירדן |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 1) |
| יחיאל האָפער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 2) |
| ע. פערשלייסער | געקליבענע דערציילונגען |
| ה. אַקערמאַן | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |
| י. שטיינבערג | אַפאָריזמען און גלייכווערטער |
| ארגון נכי המלחמה בנאצים | אַנטקעגן דעם נאַצישן שונא |
| אירגון יוצאי סטרי | ספר סטרי (יידיש, העברעיש, ענגליש) |
| אסתר לוריא | פרויען אין קנעכטשאַפט (אַלבאָם) |
| ב. שלעווין | חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן |
| איציק מאַנגער | ליד, באַלאַדע, דערציילונג (יידיש־העברעיש) |
| רחל קאָרן | פון יענער זייט ליד |
| רחל פישמאַן | זון איבער אַלץ |
| מ. ז. טקאַטש | מיין האָב און גאָב (לידער) |
| ש. זאַראָמב | אויסדערוויילטע שריפטן |
| נוסיאַ־איניאַ שיפמאַן | „דאָס לעבן נאָך פאַר מיר״... |
| מ. י. שעלובסקי | אין יאָרן אַרום |
| ל. חיין־שמעוני | גאַנג |
| ק. מאַלאַדאָווסקי | לידער פון חורבן — ת״ש—תש״ה, אַנטאָלאָגיע |
| ל. פּאַפּיערניקאָוו | די משפחה יעלניק |
| י. שטיינבערג | חכמה פון יידישן קוואַל |
| יהושע אַלקאַן | דראַמאַטישע ווערק |
| ל. קוסמאַן | דער לאָמפּ ברענט (לידער) |
| ה. יונג | העכער די וואַלקנס |
| נ. מייזיל | צוריקבליקן און פּערספּעקטיוון |
| ק. שבתאי | ווי שאָף צו דער שחיטה? |
| ל. כאַנוקאָוו | קריזיס (ראָמאַן) |
| נחמן ראַפּפּ | אַ קרוג מיט וויין (לידער) |
| נ. דראָזדאָוו | אחד העם (ענגליש) |
| יעקב גלאַטשטיין | מיט מיינע פאַרטאָגביכער |
| ישעיהו שפיגל | די בריק (נאָוועלן) |
| מאַני לייב | לידער און באַלאַדן (יידיש־העברעיש) |
| אפרים אויערבאַך | וואַך איז דער סטעפּ (לידער) |

## בעברית

| | |
|---|---|
| יוסף ראָזען | כתבים נבחרים |
| אפרים שרייער | אמנות ותיאטרון |
| י. לעשצינסקי | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| יעקב פּאַט | שיחות עם סופרים יהודיים |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| יהושע גלבוע | על חרבות התרבות היהודית בברית המועצות |
| י. זרבבל | עלי חיים |
| נ. חנין | ברלה |
| א. אלמי | בין סיני לאולימפוס |
| אפרים אויערבאַך | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| מ. בורשטין | פת ומלח |
| ר. קוויאַטקאָווסקי־פנחסיק | נשים מאחורי הגדר |
| נחמיה לוינסקי | בצל הגועים |
| ד. פלקסר | האידיאה והאמת |
| מול האויב הנאצי | זכרונות ועדויות (יידיש־עברית) |
| פ. בילצקי | השיר והמשורר (א. סוצקבר) |
| אציק מנגר | שיר, בלדה, סיפור |
| א. ירושלמי | מיערות הצפון עד חורשות הכרמל |
| דב סדן | אבני מפתן |
| י. פריילך | מצדה ורומי |
| י. שטינברג | ממעין החכמה של עם ישראל |
| א. מנור | פרופ׳ אריה טרטקובר |